ווי עס פירט זיך ביי א סך שרייבער, און ווי איך האָב עס אויך געטאָן אין מיין ערשטן בוך „פון בריסק ביז סעמיאַטיטש", הייבט מען אָן א ניי בוך מיט אַ „פאָרוואָרט", אָדער א דערקלערונג.

אָבער אין דאָזיקן בוך וועל איך, אַנשטאָט אַ „פאָרוואָרט", געבן אַ קורצע דערקלערונג פון מיין קינדהייט, ווען די מאַמע האָט מיך צום ערשטן מאָל אוועקגעטראָגן אין חדר אריין.

איך געדענק מיין ערשטן רבין, ר' זעליק, פונקט ווי ער וואָלט איצט פאַר מיינע אויגן געשטאַנען. געווען איז ער א הויכער, אַ דינער, מיט א הויכן שטערן, א בלאָנד בערדל און אַ צעקנייטשטער שוואַרצער יאַרמלקע אויפן קאָפּ.

מיין מאַמע האָט מיך צו אים אין חדר אַריינגעטראָגן אויף אירע הענט. זי האָט מיך צוגעטראָגן צום רבין און מיך אַראָפּגע־שטעלט אויף דער ערד, נעבן רבינס פיס. דער רבי האָט מיך גענו־מען פאַרן האַנט, צוגעפירט צו אַ לאַנגער באַנק און מיך אַוועק־געזעצט נעבן טיש. אָבער איך בין נישט לאַנג געזעסן. ווי נאָר די מאַמע האָט גענומען אַוועקגיין, האָב איך זיך צעוויינט און זי האָט געמוזט נעמען מיך צוריק אַ היים. אויפן צווייטן טאָג, נאָכדעם, וואָס דער טאַטע האָט מיר „געטאָן", בין איך שוין געווען „געערן" די מאַמע זאָל מיך צוריקטראָגן אין חדר אריין.

ווי אזוי דער חדר האָט אויסגעזען, געדענק איך נאָך: דאָס איז געווען א פיר־קאַנטיקע שטוב מיט אָפּגעקאַלכטע ווענט, צוויי פענצטער, א לאַנגער טיש און צוויי בענק. ביי דער טיר איז גע־ווען אַ ציגלנער באַק־אויוון, מיט אַ פּליטע צום קאָכן און אויך אויף

אָנצוּוואַרעמען די טעפּלעך עסן, וואָס די מאַמעס (צי דער באַהעל־פער) האָבן פאַר די יינגלעך מיטגעבראַכט. נעבן טיר איז אויך געשטאַנען אַ קליין בענקעלע און אויפן בענקעלע אַ הילצערנער עמער מיט וואַסער און אַ בלעכענע קוואָרט. אויף דער צווייטער זייט פון באַק־אויוון איז געווען אַ קליין, פינצטער חדרל. דאָס איז געווען דער שלאָף־חדר פאר דעם רבי׳ן מיט דער יונגער רביצין.

אין חדר איז געווען א באַהעלפער. דאָס איז געווען אַ דאַר יינגל מיט לאַנגע פּאות, מיט אַ בייזן בליק אין די אויגן. זיין נאָמען איז געווען גרשון.

גרשון איז געווען אַ „גרויסער פּרעסער״, דאָס האָב איך זיך דערוווּסט אַ ביסל שפּעטער, ווען די מאַמע פלעגט פאַר מיינעט־וועגן ברענגען אַ „נאַש״: א ווייכע באַרענע, אַ פּאָר פייגן, אָדער אַ שטיקל קוכן, וואָס איז פאַרבליבן פון שבת, — פלעגט ער דאָס אויפעסן. דעם חדרס „שליח״ איז געווען גרשון. אים האָבן אַלע געשיקט, אז ער זאָל גיין ברענגען פאַר די יינגלעך דאָס עסן, ווען זייערע מאַמעס האָבן אליין נישט געקאָנט דאָס טאָן. גרשון איז געגאַנגען צו די יינגלעך אין די שטיבער אריין, כדי אָפּצוזאָגן מיט זיי ברכה און פאַרנאַכט פלעגט ער אָפּפירן די קלענערע יינגלעך ביז אַהיים.

פון מיין קינדהייט אָן בין איך געווען אַ פאַרמוח׳ט יינגל. פון מיין טאַטן האָב איך איבערגענומען די טבע צו פאַרלייגן, ביים גיין, מיינע צוויי הענטלעך אויף הינטן. אזוי האָב איך געטאָן, בעת איך בין געגאַנגען פון חדר א היים. דעם באַהעלפער איז דאָס נישט געפעלן געוואָרן, דערפאַר האָט ער מיט זיין פוס אַ זעץ געטאָן אויף מיינע הענטלעך. איך האָב זיך שטאַרק צעוויינט און גענומען אַליין לויפן פאָרויס אַ היים. ווען איך בין אַריינגעלאָפן אין שטוב, האָט מיין מאַמע זיך שטאַרק דערשראָקן. איך בין געווען איר בן יחידל. זי האָט מיך אַ כאַפּ געטאָן אויף אירע הענט און מיך גענומען אויספרעגן וואָס ס׳איז געשען.

אויף מאָרגן אינדערפרי איז דער באַהעלפער געקומען מיך נעמען אין חדר אַריין. די מאַמע האָט אים געפרעגט למאי האָט ער דאָס געטאָן (זי האָט אים געהייסן אָנקוקן מיין הענטל). דערנאָך האָט זי אים אויסגעבויגן איבער איר קני און אים אַריינגעצימבלט... אינעם „הינטער־חלק". זי האָט אים געהייסן גיין און אַליין מיך שוין אַוועקגעפירט אין חדר אַריין. אָבער ווי נאָר די מאַמע איז אַוועקגעגאַנגען, איז צוגעקומען צו מיר דער רבי און מיר „געגעבן צו פאַרשטיין": אַ יינגעלע טאָר פון חדר נישט אויסזאָגן... ער האָט אַ נעם געטאָן מיין לינקן אויער צווישן זיינע צוויי פינגער, ווי א שערעלע, א דריי געטאָן דעם אויער, ווי ער וואָלט אויסגעצויגן א לאַנגן „פזר"...

איך האָב אָנגעפילט דעם חדר מיט א ליאַרעמדיק געוויין. די רביצין איז א דערשראָקענע געקומען מיר צו הילף. זי האָט שוין געהערט, אַז איך בין מיין מאַמעס בן יחידל...

נאָך האַלבן טאָג איז ווידער געקומען מיין מאַמע מיט אַ טעפּעלע עסן. אזוי גיך ווי איך האָב זי דערזען, האָב איך זיך ווידער צעוויינט און איר אַ וויז געטאָן מיין צעווייטיקט אויער. מיין מאַמעס פנים איז בלאַס געוואָרן. זי האָט זיך אוועקגעשטעלט אַנטקעגן רבין און געפרעגט פאַרוואָס ער האָט דאָס געטאָן. זי האָט אויפגעהויבן איר רעכטע האַנט, ווי זי וואָלט זיך פאַרמאָסטן אים אַ פּאַטש טאָן... זי האָט אָבער די האנט צוריק ארונטערגעלאָזט און אַליין זיך שטאַרק צעוויינט. דער רבי מיט דער רביצין האָבן איר געהאָלפן זיך באַרויקן.

די מאַמע האָט געזאָגט דעם רבין, אַז זיינס א תלמיד וועל איך מער נישט זיין. זי האָט מיך גענומען מיט זיך אַ היים. אויף דער צווייטער וואָך האָב איך שוין געלערנט ביי אַ נייעם רבין.

# נאָך זיבעצן יאָר

איך בין שוין אַ דערוואַקסענער בחור. דער צאַר ניקאָליי האָט שוין אָנגעשטעלט זיין אויג אויף מיר — איך האָב זיך געדאַרפט שטעלן צום פּריזיוו.

צו יענער צייט האָב איך מיט מיינע עלטערן געוווינט אין אַן אַנדער שטעטל. אָבער איך בין נאָך אַלץ געווען פאַרשריבן אין די ביכער פונעם ערשטן שטעטל. האָב איך געדאַרפט אהינפאָרן זיך צושטעלן צום פּריזיוו.

איך האָב גוט געדענקט די גאַסן און געסלעך פון דער שטאָט מעזריטש, וווּ איך האָב אַמאָל געשפּאַנט. איך בין געגאַנגען אָנקוקן דעם טייך נעבן דער רוסישער צערקווע און, להבדיל, די גרויסע שול, אין וועלכער מיין טאַטע האָט מיך א סך מאָל געפירט. איך פלעג שטענדיק זיך דערשרעקן, ווען כ׳האָב דערזען פאַרן אַריינגאַנג דאָס הילצערנע „טהרה־ברעט". דאָס מאָל האָב איך עס מער נישט געזען.

מיט גרויס אינטערעס האָב איך זיך געלאָזט גיין באַקוקן דעם מאַרק־פּלאַץ מיט די קראָמען, דאָס געסעלע, וווּ מיין ערשטער רבי, ר׳ זעליק, האָט געוווינט. די שטוב האָב איך תיכף דערקענט, הגם זי איז געשטאַנען אַן איינגעבויגענע, מיט די צוויי פענצטערלעך נידעריק צו דער ערד. איך האָב געטראַכט, אַז דער רבי וועט מיך נישט דערקענען. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט נעבן דעם אָפּע־נעם פענצטער (ס׳איז נאָך געווען וואַרעם אינדרויסן), און דערזען דעם זעלבן לאַנגן טיש מיט די צוויי בענק, נאָר די יינגלעך אויף די בענק זענען געווען גרעסערע. און אָנשטאָט איך זאָל דערהערן

דעם „קמץ אַלעף — אָ״ — האָב איך דערהערט דעם מיר באַקאַנטן ניגון „וידבר אדוישם — האָט גאָט געזאָגט — אל משה, צו משהן״.

איך האָב דערפילט ווי דער חימוש־ניגון האָט זיך געשטעלט אין האַלדז און מיך נישט געלאָזט אָטעמען. מיינע אויגן האָבן זיך פאַרקוקט אויף דעם רבין ר׳ זעליק: ער איז שוין געווען אַ סך על־טער. זיין בלאָנד בערדל האָט זיך אויסגעשפרייט איבער זיין פנים און ער אַליין איז ווי טונקעלער געוואָרן...

די יינגלעך האָבן זיך פאַרקוקט אויף מיר. און דאַן האָט דער רבי אויך גענומען אויף מיר קוקן. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז אָט וועט ער צוקומען צום פענצטער און אויף מיר אָנשרייען, הלמאי איך שטער דאָס לערנען.

ער איז טאַקע צוגעקומען נאָענט צום פענצטער. ער האָט זיך אין מיר גוט איינגעקוקט, געפרווט זיך דערמאָנען, צי האָט ער מיך ערגעץ שוין געזען, לסוף האָט ער ביי מיר שטיל געפרעגט:

— „זאָגט זשע, יונגערמאַן, איר זוכט עמיצן דאָ?״

איך בין נישט בכוח געווען אים צו ענטפערן. מיין האַלדז איז געווען פאַרלייגט, מיינע אויגן האָבן זיך אָנגעפילט מיט טרערן. ענדלעך האָב איך צו אים אַ זאָג געטון: — „יאָ, איך זוך דאָ משה־לען, חיים דעם מילנערס יינגל... זיין מאַמעס נאָמען איז שרה״...

אויף דעם רבינס באַבערדיקטן פנים איז אויפגעגאַנגען אַ דערפרייענדיקע ליכטיקייט און ער האָט זיך פאַרקוקט אויף מיר ווי אַ פאָטער אויף זיין געפונענעם זון. ער האָט זיינעביידע הענט געטאָן אַ שטעל ארויס צו מיר, ווי ער וואָלט מיך אַרומגענומען און מיט איין אָטעם געבעטן: — „שטיי נישט אינדרויסן, קום שוין אַריין אין חדר!״.

איך בין אריינגעגאַנגען. דער רבי ר׳ זעליק האָט מיך מיט זיינע ביידע הענט אַרומגענומען און צוגעדריקט צו זיין האַרצן, אי־בערחזרנדיק עטלעכע מאָל די זעלבע ווערטער: — „זע נאָר, זע... ווי גרויס דו ביסט געוואָרן, משהלע״... נאָך דעם האָט ער גענומען

ביי מיר אויספרעגן. ער האָט געוואָלט וויסן אַלץ וועגן מיין טאַטע־מאַמע.

צום סוף האָט ער זיך ווידער אויף מיר פאַרקוקט און פּלוצלינג אויף מיר אָנגעשריגן: „דו לאַנגער שקאָץ, פאַרוואָס זעצסטו זיך נישט צום טיש לערנען, האַ?" — און ער האָט ווידער מיט זיינע צוויי פינגער ווי מיט אַ שערעלע אַ נעם געטאָן מיין לינק אויער און צוגעפירט מיך צו דער באַנק...

אלע חדר־יינגלעך האָבן זיך האַרציק צעלאַכט. דער רבי ר' זעליק האָט מיט זיי מיטגעלאַכט...

נאָכדעם איז ער געבליבן שטיל. אויף זיין באַוואַקסן פּנים, אין זיינע אויגן, איז אויפגעקומען אַ שטילער טרויער, ווען ער האָט צו מיר אַ זאָג געטאָן: — „אַי, משהלע... הלוואי וואָלט נאָך היינט געלעבט די רביצין... אַי, וואָלט זי זיך דערפרייט מיט דיר... אַי, וואָלט זי זיך געפרייט!"...

די זכרונות ווידמע איך מיין געטרייער מאַמען, וועלכע איז אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע זעקס מיליאָן יידן דורך די בלוטיקע דייטשע רוצחים.

# קאַפּיטל איינס

אין ניו־יאָרקער האַפן בין איך אָנגעקומען מיט דער שיף „לאַפּלאַנד", דעם 3־טן יוני 1913.

איך בין געקומען איינער אַליין, מחמת מיין פרוי שיינדל איז דאַן שוין געווען אינעם 6־טן חודש מיט אונדזער צווייט קינד, האָט זי מורא געהאַט צו מאַכן די שווערע רייזע איבערן ים.

ווען איך בין אַראָפּגעקומען פון דער שיף (געפאָרן בין איך מיט צווייטער קלאַס), און געשטעלט מיינע ערשטע טריט אויפן אַמעריקאַנער באָדן, האָט מיך באַגעגנט מיין פרוים אַ שוועסטער און אַ ברודער. זיי האָבן מיך אויפגענומען גאַנץ וואַרעם. מיר זע־נען אַלע צוגעגאַנגען צו אַ טראַמווי, וועלכער האָט אונדז צוגעפירט ביז איסט־בראָדוויי. פון דאַנען זענען מיר שוין געגאַנגען צופוס ביז הענרי־סטריט.

מיין שוויגער מיט אירע 6 קינדער (אַלע דערוואַקסענע) האָבן געוווינט אין אַן אַלטן טענעמענט־הויז אויפן דריטן גאָרן.

די וווינונג איז נישט געווען קיין רחבותדיקע: בסך הכל דריי צימערן פאַר דער גאַנצער משפחה. מיר איז באַלד געוואָרן קלאָר, אַז ביי זיי וועל איך נישט קאָנען וווינען. די ערשטע נאַכט האָב איך ביי זיי איבערגענעכטיקט אויף אַ פּאָר שטולן און שוין צומאָר־גנס האָב איך זיך געאיילט צו גיין געפינען אַ צימער פאַר זיך. איך האָב נישט געדאַרפט לאַנג זוכן. טאַקע אויף הענרי־סטריט, נישט ווייט פון מיין משפחה, איז געווען אַ צימער צו פאַרדינגען. אמת, אין דעם „צימער" האָט מען געמעגט האַלטן הינער, אָדער גענדז. אָבער פאַר אַ גרינעם יונגענמאַן, וואָס איז נאָר־וואָס אָנגעקומען אין דעם רייכן לאַנד, איז אַזאַ צימער אויך געווען גוט...

אגב, האָב איך געזען ווי מענטשן לעבן דאָ: אַלע זענען אין דרויסן — יונג און אַלט, אפילו קינדער אין די וויגלעך האַלט מען אין גאַס. וועל איך דאָך אויך נישט זיצן אין מיין צימער — האָב איך געטראַכט.

אָבער דער דרויסן איז מיר נישט געווען צום האַרצן: אויף דער גאַס האָבן זיך געוואַלגערט בלעכענע קאַנען, בייטלעך מיט שמוץ, וואָס מען האָט דורך דער נאַכט אַרויסגעוואָרפן פון די הויכע פענצטער. ביי יעדן אַריינגאַנג זענען געשטאַנען פעסלעך מיט שמוץ און געוואַרט, אז דער מאַן מיטן גרויסן, האַמעטנעם וואָגן, זאָל עס אַוועקנעמען. איך בין אָבער געווען צופרידן, וואָס איך האָב שוין „אַן אדרעס". הגם אין די ערשטע טעג מיינע אין אמע־ריקע, בין איך, אַ חוץ דאָס איבערשלאָפן אין מיין צימער, מערס־טנס געווען ביי מיין שוויגער אין שטוב. דאָרט איז תמיד געווען פריילעך. עס זענען געקומען לאַנדסלייט, מ'האָט זיך געפילט ווי אין דער „היים" — אין שטעטל סעמיאַטיטש. אין די ערשטע טעג פון מיין אָנקום זענען געקומען מער לאַנדסלייט. יעדער איינער איז געקומען אָפּנעמען א גרוס פון די אייגענע.

אָבער נישט לאַנג בין איך פאַרבליבן אַ שטוב־זיצער. איך האָב שוין געוואַגט אליין צו באזוכן די גאַסן, איך האָב דאָך גע־וואָלט זיך באַקענען מיט אַמעריקע. יעדן טאָג בין איך געגאַנגען מיט נאָך עטלעכע גאַסן ווייטער. גייענדיק, האָב איך זיך צוגעקוקט ווי אונדזערע ייִדן לעבט זיך אין דער שטאָט ניו־יאָרק.

אַזוי בין איך געוואָרן א „גייער" איבער די גאַסן גרענד־סטריט, איסט־בראָדוויי, קלינטאָן־סטריט, נאָרפאָלק־סטריט און דעלענסי. דעלענסי איז ביי מיר געווען די „גרענעץ", וועלכע איך טאָר נישט אַריבערגיין.

אויף די דערמאָנטע גאַסן האָב איך זיך א סך מאָל אָפּגעשטעלט קוקן, ווי א מאַן, מיט אַן אַלטן, ברייטן קאַפּעליוש, פירט אויף אַ צוויירעדלדיק וועגעלע אַ טונקעלן שפּילקאַסטן און אַ קליין פאַר־

מארזעט מאַלפּעלע אויף א קייטל גייט אים נאָך, ביז ער שטעלט זיך אָפּ און באַלעבט די גאסן מיט זיין שפּילן.

ווי טויבן פון די נעסטן לויפן אָן קליינוואַרג און זיי נעמען טאַנצן צום טאַקט פון דער מעלאָדיע, וואָס דער קאַסטן שפּילט אויס. די אייגעלעך ביי זיי צעפלאַקערן זיך פון פרייד.

אין אַ נאָכמיטאָג בין איך איינמאָל געגאַנגען אויף גרענד־סטריט און באַמערקט א רעדל מענטשן. איך בין אויך צוגעגאַנגען און דאָס, וואָס איך האָב דערזען, האָט אַזש מיין אָטעם פאַרכאַפּט; די מענטשן האָבן זיך צוגעהערט צו אַ „רעדע" און... צוויי פּאָלי־ציי־לייט מיט שוואַרצע שטעקעלעך אין די הענט האָבן זיך אויך צוגעהערט צום רעדנער, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ קליין לייטערל און נעבן אים האָט געפלאַטערט אַן אַמעריקאַנער פענדל. ער קרי־טיקירט שטאַרק די אמעריקאַנער רעגירונג — און גאָרנישט, מען צעטרייבט נישט די פאַרזאַמלונג...

מיין ערשטע וואָך אין אַמעריקע גיב איך אָפּ פאַר מיינע לאַנדס־לייט, אויף דער גאַס נאָרפאָלק. דאָרטן קומען זיי אַלע. מען גרו־פּירט זיך אַרום אַ „קענדי סטאָרקע", וועלכע געהערט טאַקע צו אַ לאַנדסמאַן מיטן נאָמען „איטשע זשאַמעכעס". ביי אים קאָן מען באַגעגענען לאַנדסלייט צו יעדער צייט. בייטאָג און אין אָוונט. מען האָט דאָס געפיל, אז מען איז נאָך אַלץ אין שטעטל.

מיין שוואָגער סעם האָט פאַר מיינעטוועגן אויך צוגעגרייט אַן איבערראַשונג: ער האָט אין אַן אָוונט מיך אַוועקגעפירט אויף איסט־בראָדוויי, דאָרט ווו עס שטייט אַן אַרומצוימונג ווי אַ דראָ־טענע שטייג, וואָס האָט דעם נאָמען „עסטער־פּאַרק". ער האָט מיר אָנגעוויזן פון כּאָרנט אויף דער הויכער מויער און געזאָגט מיט א באַרימערישן טאָן: „דו זעסט אָט דעם הויכן בילדינג? מ'האָט אים געמאַכט פון פּעניס"...

ווען ער זעט, אַז איך פאַרשטיי נישט וואָס ער מיינט, דער־קלערט ער מיר: „אַ „פאָרווערטס" קאָסט איין פּעני. איז פון די

פּענעס האָט מען אָנגעזאַמלט דאָס געלט, וואָס דער בילדינג קאָסט".

איך דערקען אויף אים, אַז ער איז אַ חסיד פונעם „פאָר־ווערטס".

אָבער נישט נאָר דער „פאָרווערטס" האָט פאַרנומען מיין בליק. איך האָב אויך זיך צוגעקוקט צו די שפּאַצירער אויף דער גאַס: דאָס זענען געווען ניי־געקומענע. מען האָט נאָך גערעדט די מיטגעברענגטע שפּראַכן — פויליש, רוסיש, דייטש, אונגאַריש, און נאָך אַנדערע שפּראַכן, וועלכע האָבן דערגרייכט צו מיין אויער, אָבער איך האָב זיי נישט פאַרשטאַנען.

מיין שוועגערין, יענטע, האָט מיר אָנגעטאָן דעם נחת און גע־נומען מיך צו א „שאו" (טעאַטער־פאָרשטעלונג). איך בין פון דאָרט אַרויסגעגאַנגען מיט א שמייכל: אין וואַרשע האָב איך געזען בע־סער טעאַטער.

אַ צווייטע שוועגערין, שרה, האָט מיך געפירט אויף „סעקאָנד עווענױ", ווו מיר זענען אַרויפגעגאַנגען אויף אַ סך טרעפּ. זי האָט עס גערופן א „רוף־גאַרדן". דאָס האָט מיר אויסגעזען גענוג נאַריש...

אַזוי האָט מיך אויפגענומען ניו־יאָרק אין מיינע ערשטע טעג אין אַמעריקע.

איך האָב שוין אויבן דערמאָנט, אַז איך האָב געהאַט אַ סך באַקאַנטע לאַנדסלייט. א גרויסע צאָל פון זיי זענען געווען מיינע חברים אין דער „אַלטער היים", און זיי טאַקע האָבן זיך באַמיט, אַז איך זאָל באַקומען אַ שטעלע ביי זייערן אַ „באַרבער", צו וועלכן זיי גייען זיך שערן. דאָס איז געווען טאַקע אויף נאָרפאָלק־סטריט. מיר איז דאָס געפעלן געוואָרן, ווייל איך וועל זיך דאָ פילן נישט אין דער פרעמד.

דער „באַרבער" פון נאָרפאָלק־סטריט האָט זיך נישט געניי־טיקט אין נאָך אַ העלפער, אָבער כדי נישט צו פאַרטרייבן זיינע סעמיאַטיטשער קונדן, האָט ער מיך אריינגענומען אין זיין באַר־בער־שאָפּ.

איך האָב ביי אים נישט געאַרבעט שווער, ווייל די קונדן האָבן זיך נישט געוואָלט זעצן אויף מיין „שטול". זיי האָבן דעם גרינעם באַרבער נישט געטרויט דעם קאָפּ האָר. מיינע לאַנדסלייט אָבער האָבן דווקא געוואָרט, אַז איך זאָל זיי באַדינען.

איך בין אויף דעם פּלאַץ געשטאַנען אַ גאַנצע וואָך, און זונטיק פאַרנאַכט, האָט ער, דער באָס מיר דערלאַנגט אין האַנט אַרייַן, אַזוי בגניבה, אַ פאַרוויקלט פּאַפּירל. ווען איך האָב צעוויקלט דאָס גרינע פּאַפּירל, האָב איך געהאַט פאַר דער וואָך אַרבעט צוויי דאָלאַר. עס האָט מיר אַזש פאַרקלעמט ביים האַרצן. אָן אַ וואָרט צו זאָגן האָב איך פאַרנומען מיין שער־געצייג און אַרויסגעלאָפן מיט אַ זעץ אין מיר.

מאָנטיק אינדערפרי בין איך שוין אַליין אוועק זוכן אַ „דזשאַב". אויף מעדיסאָן־סטריט האָב איך דערזען אַ באַרבער־שאָפּ און איך בין דאָרט אַריין פרעגן צי מען דאַרף נישט קיין מענטש. דער „באָס", אַ יונגערמאַן, וואָס האָט גערעדט האַלב־יידיש, האַלב־ענגליש, האָט מיך אויסגעהערט און געזאָגט, אַז ער נייטיקט זיך טאַקע אין אַ באַרבער. איז אויב איך באַשטיי, וועט ער מיר צאָלן זעקס דאָלאַר פאַר אַ וואָך אַרבעט.

איך האָב זיך נישט געדונגען, איך האָב געזאָגט, אַז איך האָב מיינע שער־געצייג, און קאָן זיך תיכף שטעלן אַרבעטן.

איך טו אויס מיין מאַרינאַרקע, לייג אויס מיין געצייג, און איך בין גרייט, ווי נאָר עמעץ וועט אַריינקומען, וועל איך זיך נעמען צו דער אַרבעט. אָבער אין דער רגע קומט צו מיר צו דער יונגער באַלעבאָס, מיט אַ לאַנגן שטעקן, צו וועלכן עס איז צוגעבונדן אַ שמאַטע, און ער זאָגט מיר, אַז קודם־כל וועל איך דאַרפן אָפּוואַשן די פּאָדלאָגע, אָפּרייניקן די שפּיגלען, און דערנאָך ערשט „וועט מען זיך נעמען צו דער אַרבעט".

קוק איך אים אָן מיט אַ מינע, גלייך איך גלויב אים נישט, אַז ער מיינט עס טאַקע אויף אַן אמת. אָבער ער, דער יונגער באַלעבאָס

מיינער, זאָגט מיר גאַנץ ערנסט, אַז „יעדער אַרבעטער אין באַר־בער־שאָפּ טוט דאָס".

איך רעד כ׳עָר נישט, נאָר טו צוריק אָן מיין מאַרינאַרקע, פאַר־נעם מיין שער־געצייג און זאָג צו אים: „איך בין געקומען קיין אַמעריקע נישט כדי צו וואַשן פּאָדלאָגעס".

איך גיי שוין ווידער איבער די גאַסן און קוק אויס אַ באַר־בער־שאָפּ, וואָס ס׳זאָל מיר געפעלן אַריינצוגיין. אַזוי גיי איך פאַר־ביי אַ סך „שעפּער" און איך קאָן זיך אַלץ נישט דעצידירן: דער זעט מיר אויס צו זיין צו שטרענג, דער צווייטער געפעלט מיר נישט צוליב אַן אנדער זאַך, איך ווייס אַליין נישט פאַרוואָס...

דערווייל כ׳מער איך אָפּ מיין טאָג מיט גאָרנישט. איך טרייסט זיך, אַז מאָרגן וועל איך זיכער ערגעץ אַריינגיין פרעגן.

איצט איז שוין פאַרנאַכט. די גאַסן זענען באַלעבט, מען גייט שוין פון דער אַרבעט. און איך דערמאָן זיך, אַז איך האָב היינט קיין מיטאָג נישט געגעסן... שוין צייט אַריינצוגיין אין רעסטאָראַן אויף באָרפּאַלק, נעבן דעלענסי־סטריט, דאָרט האָב איך שוין אַ פּאָר מאָל געגעסן פאַר 25 סענט אַ מאָלצייט פון פינף געריכטן און צו דעם נאָך א גלאָז סאָדע־וואַסער.

נאָכן געשמאַקן מאָלצייט גיי איך אַריין צום לאַנדסמאַן אין זיין קענדי־סטאָרקע, דאָרט באַגעגן איך זיך מיט מיין היים־חבר זכריה.

זכריה איז שוין פיר יאָר אין אַמעריקע. ער האָט דורך דער צייט שוין אַריבערגענומען זיין פרוי מיט צוויי קינדער. ער אַרבעט ביי שניידעריי און ער פאַרדינט גוט לויט יענער צייט. די הויפּט־זאַך איז — וואָס ער איז צופרידן.

זכריה דערקענט אויף מיר, אַז איך בין נישט גליקלעך. ער מעסט מיך אָפּ מיט זיינע שוואַרצע אויגן און שווייגט אַ ווײַלע. דערנאָך פרעגט ער ביי מיר: „שוין אָפּגעגעסן „סאַפּער"?" — און ער רופט מיך צו אַ טישל טרינקען א גלעזל סאָדע־וואַסער. ער זופּט דאָס וואַסער פונעם גלאָז און קוקט אויף מיר. מיטאַמאָל טוט

ער ביי מיר אַ פרעג: „דו בענקסט אַ היים, האַ? דיין געדאַנק איז אין סעמיאַטיטש... דאָס טויג נישט, זאָג איך דיר, משה, דאָס טויג נישט. דאַרפסט האָבן איין זאך אין דיין געדאַנק: אַז דו ביסט אין אַמעריקע און ביסט געקומען, כדי דאָ צו זיין... פאַרגעס וועגן סע־מיאַטיטש. דיין פרוי וועט זיין אומגליקלעך, ווען דו וועסט פונדאַ־נען צוריקפאָרן, זי האָט דאָך דאָ איר גאַנצע משפחה! מיין נישט, אַז דו ביסט דער ערשטער, וואָס דערוואַרט פון אַמעריקע, אַז זי זאָל אים באַלד די ערשטע וואָך צושטעלן אַלץ, וואָס ער דאַרף האָ־בן... מען שאַרט דאָ נישט קיין גאָלד אויף די גאַסן... מען דאַרף שווער ארבעטן און ביז מען באַקומט אַרבעט, נעמט אויך צייט. איך ווייס עס, איך בין שוין מיינס איבערגעקומען און איך האָב נישט קיין חרטה, וואָס איך בין דאָ אין דעם פרייען לאַנד".

זכריהס רייד האָבן אין מיר אויפגעוועקט אַ געפיל פון חרפה... זיינע רייד זענען טאַקע גאָלדענע רייד, אָבער אז איך האָב עס פון אים געדאַרפט הערן, איז מיר נישט אָנגעשטאַנען... אין דער היים איז זכריה געווען א שווייגער, קיין וואָרט נישט געקאָנט מיט אַ מענטש אויסרעדן. מ'האָט געהאַלטן, אז ער פאַרשטייט גאָרנישט. איך, דאַקעגן, בין דאָרט געווען דער „אָרגאַניזאַטאָר" פון „בונד", דער קלוגערער פון אים — און דאָ בין איך גאָר דער נאַר — איך האָב אָבער געשוויגן.

זכריה האָט דערקענט, אז איך פיל זיך פון עפּעס אומבאַקוועם, האָט ער ווידער גענומען רעדן: „משה, אויב דו ווילסט מיך פאָלגן, ווער אַ יוניאָן־מאַן. דאָ איז פאַראַן אַ באַרבער־יוניאָן. גיי אריבער צו זיי און זאָג זיי, אז דו ווילסט געהערן צו א יוניאָן. זיי וועלן דיר געבן אַ פלאַץ צו ארבעטן. פאָלג מיך משה, טו אזוי. טאַקע מאָרגן אינדערפרי גיי אין פאָרווערטס־בילדינג, דאָרט וועסטו זיך דער־פרעגן צום באַרבער־יוניאָן. און איצט קום, לאָמיר גיין אַ ביסל אויף דער בריק, דאָרט איז פריילעך".

דעם צווייטן פרימאָרגן, אַרום צען אַ זייגער, בין איך אַוועק

אין פאָרווערטס־בילדינג, נאָכצופרעגן זיך, אין וועלכן צימער ס׳איז די באַרבער־יוניאָן.

איך בין מיטן עלעווייטער אַרויפגעפאָרן אויף די העכערע שטאָקן און דאָרט געפונען די אַנטשפּרעכנדיקע טיר. אָבער דאָ איז געשטאַנען אַ „שומר״ און מיך נישט אַריינגעלאָזט, באשר — עס קומט דאָרט פאָר א פאַרזאמלונג פון די באַרבערס. ווען איך האָב דעם שומר דערקלערט, אז איך בין אויך אַ „בארבער״, האָט ער מיך אַריינגעלאָזט.

איך האָב געפונען אַ שטול און זיך אַוועקגעזעצט אויסהערן דעם רעדנער. אָבער זיין רעדע איז מיר נישט געווען צום האַרצן. איך האָב נישט מיטגעפּאַטשט ווען ער האָט פאַרענדיקט די רעדע. מיין שכן פון ז׳ער רעכטער זייט האָט געהאַט פאַראיבל, פאַרוואָס איך „פּאַטש״ נישט. אָבער אָט איז דער רעדנער אַליין צוגעקומען צו מיר און געפרעגט צי איך בין א באַרבער, און זיך אַוועקגע־זעצט אין מיין לינקער זייט. ער האָט ביי מיר געפרעגט ווי לאַנג איך בין אין לאַנד און צי איך האָב פאַרשטאַנען זיין רעדע.

איך האָב אים געקוקט דרייסט אין פּנים אַריין און געזאָגט: „אייער רעדע איז מיר נישט געפעלן געוואָרן. איך האָב נישט ליב ווען עמיצער רעדט צו מיר מיט א בייטש״. — ער האָט פאַרשטאַ־נען וואָס איך מיין. ער האָט מיך געפרעגט, צי קאָן איך דאָ צו־וואַרטן אַ ביסל לענגער, ווייל ער דאַרף נאָך צו מיר רעדן.

דער רעדנער איז געווען דער שפּעטער באַרימט געוואָרענער מיסטער גוסקין, דער פאָרשטייער פון יידישן אַקטיאָרן־יוניאָן און פּרעזידענט פון אַרבעטער־רינג.

ווען דער זאַל האָט זיך אויסגעליידיקט און די בארבערס זענען געלאָפן צוריק צו זייער אַרבעט, איז מיסטער גוסקין צוגעקומען צו מיר און גענומען זיך פאַרענטפערן, פאַרוואָס ער מוז „האַלטן אַ בייטש״ איבער די קעפּ פון די באַרבערס:

„ווען איך זאָל צו זיי רעדן אַ ביסל איידעלער — האָט ער גע־זאָגט — וואָלטן זיי מיך געפירט און נישט איך זיי״...

איך האָב מיט אים מער נישט דיסקוטירט. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך ויל ווערן אַ יוניאָן־מאַן; זאָל ער דערווייל מיר געבן אַ „דזשאָב", ווו צו אַרבעטן.

גוסקין האָט זיך צו מיר פאַרהאַלטן זייער פריינדלעך. ער האָט מיר באַלד געגעבן אַ „קאַרטעלע" מיט אַן אדרעס איך זאָל גיין צו דער אַרבעט. אַזויוויי דאָס איז געווען דאָנערשטיק, האָב איך נאָך געדאַרפט אַרבעטן קנאַפּע פיר טעג פון יענער וואָך.

איך האָב אים פאַרלאָזט מיט דעם געפיל, אַז דאָס איז אַ גוטער אָנהויב פאַר מיר. איך בין תיכף געגאַנגען זיך מעלדן צום באַרבער אויף ברום־סטרים.

דער באַרבער־באַלעבאָס, אַ מיטליאָריקער מאַן מיט אַ ברוינער טשופּרינע האָר אויפן קאָפּ, האָט ביי מיר צוגענומען דאָס קאַרטעלע און מיך געהייסן זיך שטעלן ביי דער צווייטער שטול אַרבעטן; עס האָבן דאָרט געוואַרט אַ פּאָר מענטשן, וואָס האָבן זיך געוואָלט אָפּראַזירן.

איינס אזייגער בייטאָג האָט דער באַלעבאָס געזאָגט, אַז איך זאָל גיין עסן מיטאָג. ווען איך בין צוריקגעקומען, איז אין באַרבער־שאָפּ א חוץ דעם „באָס" קיינער נישט געווען.

איך האָב זיך אַוועקגעזעצט וואַרטן ביז עמיצער וועט אַריינקומען. איך האָב נישט געהאַט קיין מוט צו נעמען רעדן מיט אים, ווייל ער האָט אויף מיר אפילו נישט געקוקט. ער איז געזעסן נעבן אַ טישעלע און יעדע ווילע האָט ער עפּעס פאַרשריבן.

דערנאָך זענען מירביידע געוואָרן „ביזע" (באַשעפטיקט). מיר האָבען אָפּגעאַרבעט ביז פאַרנאכט, און מיין „באָס" האָט צו מיר נישט אויסגערעדט קיין וואָרט. איך בין אַוועק פון באַרבער־שאָפּ אַן אומצופרידענער.

דעם צווייטן פרימאָרגן האָט ער ווידער זיך געשטעלט נעבן מיר אַרבעטן. יעדע ווילע איז ער צוגעלאָפן צום טישעלע, עפּעס פאַרשריבן און זיך צוריקגעשטעלט צו דער אַרבעט. מיר איז שוין געקומען אויפן געדאַנק, אַז אָט דער באָס מיינער איז אַ שרייבער...

און אַ פּאָר שעה שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיין „פֿאַר־דאַכט" איז אַ ריכטיקער.

אַרום עלף אַזייגער פֿאַר מיטאָג איז אָנגעלאָפֿן אַ פֿאַרשמייע־טער יונגערמאַן מיט אַ פּאַק צייטונגען און מיטן געשריי „פֿאַר־ווערטס!" האָט ער אין דער אָפֿענער טיר אַריינגעוואָרפֿן אַ צייטונג. מיין באַלעבאָס האָט זיך אַ יאָג געטאָן צו דער טיר און אויפֿגעהויבן די צייטונג און מיט זשעדנעקייט גענומען זוכן צווישן די בלעטער. ער האָט טאָקע באלד געפֿונען וואָס ער האָט געזוכט, און אַ ברייטער שמייכל איז אויפֿגעקומען אויף זיין פּנים בעת ער האָט דאָס געליינט. אין אַ צען מינוט שפּעטער איז אַריינגעקומען אַ נידעריק מענטשל מיט ברילן אויף די אויגן, ער האָט אויך גע־האַלטן אין האַנט אַ „פֿאָרווערטס", און ער האָט מיט פֿרייד אַ זאָג געטאָן צו מיין באַלעבאָס: „האַלאָ, אדערשלאַגער! האָסט שוין געזען דיין פֿעליעטאָן אין „פֿאָרווערטס"?...". מיין באַלעבאָס האָט זיך נחתדיק צעשמייכלט און געענטפֿערט: „אָט האָב איך נאָר־וואָס איבערגעליינט. און ווי געפֿעלט דיר מיין פֿעליעטאָן?". — ביידע זעצן זיךביים קליינעם טישעלע רעדן וועגן דעם „פֿעליעטאָן"...

הכלל, איך האָב געטראָפֿן. מיין באַלעבאָס, אדערשלאגער, איז א יידישער שרייבער. ער שרייבט אין „פֿאָרווערטס", און אים פּאַסט נישט צו רעדן צו מיר וועגן אזעלכע הויכע ענינים, ווי מיט דעם קליינעם מענטשל מיט די דיקע ברילן, וואָס פֿאַרשטעלן אים זיינע אויגן.

געפֿעלן געפֿעלט דאָס מיר נישט, אָבער איך בין דאָך אַ גריי־נער. און וואָס ווייסט אַ גרינער?

די אַרבעט דאָ איז מיר „געפֿאַלן פֿון די הענט", ווי מען זאָגט. איך האָב זיך דערפֿילט א ביסל דערדריקט. מיך האָט געאַרט, פֿאַר־וואָס ער רעדט נישט צו מיר אַ וואָרט וועגן דער „געשעעניש". ער קוקט אפֿילו נישט אויף מיר. איך בין ביי אים אַ „מענטש", צו וועמען עס לוינט נישט צו רעדן.

דעם נאָמען אדערשלאַגער אלס שרייבער האָב איך נאָך ביז

דעמאָלט נישט געהאַט געהערט און זיין שרייבן איז מיר נישט געווען באַקאַנט. אָבער ווען אַ מענטש בלאָזט זיך, ווייסט ער דאָך, בין איך שוין אויך געוואָרן נייגעריק צו לייענען, וואָס ער האָט אַזעלכעס אָנגעשריבן.

איך האָב אָבער נישט געוואָלט ווייזן, אַז איך בין שטאַרק ניי־געריק און בעטן ביי אים די צייטונג איבערצולייענען. איך האָב געוואָלט, אַז ער זאָל מיר אַליין געבן די צייטונג און מיך הייסן איבערלייענען זיין ווערק. דאָס איז אָבער נישט געשען.

ווי אַ גרינער אין דעם נייעם לאַנד, האָב איך יעדע פּאַסירונג באַלד פאַרגלייכט מיט דער „אַלטער היים". אין דעם געגעבענעם פאַל בין איך טאַקע געווען באַרעכטיקט צו פאַרגלייכן: אין דער „אַלטער היים" האָט מען מיך געהאַלטן פאַר נישט קיין „פּראָסטן יונגנמאַן", איך בין געווען אַ לייענער פון דער יידישער ליטעראַ־טור, באַקאַנט געווען מיט אַ סך ווערק, וואָס איך האָב זיי אַליין גע־קויפט, אָדער גענומען אין דער קליינער ביבליאָטעק צום לייענען. איך בין שוין אויך פערזענלעך באַקאַנט געווען מיט עטלעכע יידישע שרייבער, וועלכע זענען צו אונדז געקומען רעדן וועגן ליטעראַטור, ווי אַ שטייגער מיטן באַרימטן שרייבער ה. ד. נאָמבערג און דעם שרייבער ווײַנשטיין. אויך בין איך געווען גוט באַפריינדעט מיט אַ לערער אַוועראָך, וואָס פלעגט שרייבן פאַרן „פריינד". אָט די מענטשן האָבן זיך מיט מיר פיין אונטערגעהאַלטן, טאַקע וועגן „הע־כערע ענינים"...

אַזעלכע געדאַנקען זענען מיר געקומען אין קאָפּ בעת מיינע הענט האָבן געטאָן די אַרבעט און די אויגן האָבן יעדע ווײַלע גע־כאַפּט אַ בליק צום באַלעבאָס, וועמען עס פּאַסט נישט מיט מיר צו רעדן, אפילו ווען איך פאַרבלייב מיט אים אַליין אין „שאָפּ".

וואָלט איך נישט געווען אַזאַ שעמעוודיקער, וואָלט איך פאַר־לייגט אַ טענה מיט אים. איך וואָלט גערעדט צו אים וועגן שרייבן און וועגן שרייבער. איך האָב דאָך טאַקע געחלומט, אַז אין אַמע־ריקע וועל איך האָבן די מעגלעכקייט צו באַקענען זיך מיט שריי־

בער. שוין אַ סך יאָרן ווי איך טראַכט וועגן קאָנען שרייבן... און אָט האָט מיך דער צופאַל געבראַכט צו דעם שרייבער אין שטוב אַריין און איך בין שוין אַנטוישט...

טאַקע צוליב דעם באַשליס איך ביי זיך, אַז איך וועל אויף דעם פּלאַץ נישט פאַרבלייבן, אפילו ער זאָל מיר אָנבאָטן איך זאָל ווייטער אַרבעטן. און זונטיק, אַרום פיר אַזייגער בייטאָג, ווען ער באַצאָלט מיר פאַר די עטלעכע טעג, פאַרלאָז איך אים אָן אַ „גוד־ביי”...

מאָנטיק אינדערפרי אייל איך זיך נישט ווידער צו גיין צו גוסקינען בעטן אַ נייעם „דזשאַב”. ער וועט דאָך וועלן וויסן פאַר־וואָס איך בין נישט פאַרבליבן דאָרט. ער וואָלט מיך נישט פאַר־שטאַנען, אַפילו ווען איך וואָלט אים געזאָגט. איך האָב באַשלאָסן אָפּצוּוואַרטן עטלעכע טעג. דערווייל וועל איך נאָך גיין אַ ביסל באַקוקן ניו־יאָרק, פלאָנטערן זיך אין געזעמל אויף דעלענסי־גאַס, אויף אָרטשארד־גאַס, וווּ מען קויפט מציאות...

איך גיי באַקוקן די גאַסן ריווינגטאָן. איך טרעף דאָרט אַ דור מענטשן, וועלכן איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען. טאַקע יידן, אָבער פרעמדע יידן. זייער יידיש פאַרשטיי איך נישט, זייערע גע־שרייען ביים רופן קונים דערמאָנט מיך אַ ביסל אין דער האַלע אין וואַרשע. אויך דאָרט רופט מען די קונים צו זיך. און ווען איך גיי פאַרביי קאַנאַל־סטריט, זע איך ווידער א נייעס: מען שטעלט אָפּ מענטשן ווי נאָר זיי וואַרפן א בליק אין פענצטער, וווּ מען פאַר־קויפט מלבושים. מען לאָזט שוין ווייטער נישט גיין און מען שלעפּט זיי אַריין אין געשעפט. אָבער מען מעג זיך דינגען און אַראָפּדינגען מער ווי א העלפט פון דעם, וואָס מען בעט פאַר דער סחורה...

מיטוואָך אינדערפרי קום איך ווידער צו גוסקינען אין דער „יוניע”. איך דערצייל אים אַ מעשה, אַז איך בין געווען נישט גע־זונט. איך דערקען אָבער, אַז ער גלויבט מיר נישט, אָבער ער פאָרשט מיך נישט. ער זאָגט מיר, אַז איך זאָל צוּוואַרטן, וועט ער מיר געבן אַ „דזשאַב” אויף פרייטיק, שבת און אַ האַלבן זונטיק.

בין איך ווידער שוין צופרידן. מיך אַרט נישט, וואָס איך האָב צעפּטרט אַ גאַנצע וואָך, מילא, וועל איך שוין ווערן אַ מיליאָנער מיט אַ וואָך שפּעטער.

פּרייטיק אינדערפרי קום איך זיך שטעלן אַרבעטן אין דעם נייעם באַרבער־שאָפּ אויף נארפאָלק און סטענטען — אַ שמאָל געשעפט, ווו עס אַרבעטן פיר מענטשן. איך וועל זיין דער פינפ־טער, אויף דער לעצטער שטול, דאָרט ווו עס שטייט אַ בלאַנקענ־דיקער קעסל, וואָס גיט אַרויס פון זיך אַ זודיקע פּאַרע, מיט אַן עיפּושדיקן ריח. אין דאָזיקן קעסל האַלט מען די פּאַרעדיקע האַנ־טעכער, וואָס מ׳לייגט אויף די פּנימער נאָכן אָפּראַזירן... דאָס איז פאַר די „קאַסט׳מער״ דער צולאָג צום ראַזירן (שייוו).

הינטער מיין רוקן, ווו איך שטעל זיך אַוועק ארבעטן, יאָגט אַ צוגווינט פון אַן אָפענער טיר, פון וואָס מען קאָן זיך גרינג פאַר־קילן.

איך בין שטאַרק נישט צופרידן פונעם דאָזיקן פּלאַץ; אָבער איך באַשליס אָפּצואַרבעטן די פּאָר טעג. איך נייטיק זיך דאָך אין די זיבן דאָלאַר.

די „קאַסטימער״, וועלכע קומען אויף מיין שטול, זענען יונגע־לייט, וואָס רעדן צו מיר ענגליש. דער שכן־באַרבער דערקלערט מיר, וואָס מען רעדט צו מיר. אויך דער באַלעבאָס רעדט צו מיר נאָר ענגליש, הגם זיין נאָמען איז שוואַרץ. איך דערקען, אַז איך געפעל אים נישט. ער קוקט מיר נאָך יעדע באַוועגונג, יעדן קלינג מיטן שערל כאַפּט ער אויף. איך ווער דערפון נערוועז, באַקום אַ קאָפּווייטיק, אָבער איך שטיי און אַרבעט.

איך דערוויס זיך, אַז חוץ קענען די אַרבעט, דאַרף מען אויך קענען צו דעם „קאַסטימער״ רעדן, חנפענען, זיין אַ גוטער ברוּ־דער. אָבער אָט די מלאכה קאָן איך זיך נישט אויסלערנען. און אָט באַפאַלט מיך דאָס געפיל, אַז פאַר אמעריקע בין איך נישט דער גוטער באַרבער. א סימן, אַז ווען איך רוף אויס דאָס וואָרט „נעקס!״, איילט קיינער נישט זיך צו זעצן אויף מיין שטול.

איינס אַ זייגער איז שוין מיין ריי צו גיין עסן. איך טו אָן מיין רעקל, וואָס איך האָב שוין דאָ הי געקויפט און איך בין גרייט אַרויסצוגיין פונעם פאַרשטיקטן פּלאַץ אויף דער גאַס אַרויס. אָבער דאָ, ביי דער טיר, ווו עס שטייט ביי דער ערשטער שטול דער באַלעבאָס, טוט ער אַ זאָג צו מיר: „דו דאַרפסט מער נישט צוריק־קומען. נעם דיינע „טולס" (געצייג) און גיי צו גוסקינען, וועט ער דיך שיקן אויף אַ צווייטן „דזשאב"...

איך האָב השק עפּעס אַ זאָג צו טאָן אים אין פּנים אַריין, און אפשר גאָר אויף אים אַ „שפּיי טאָן" פאַר זיין גיפטיק זאָגעלע, פון וועלכן איך האָב זיך געפילט דערדריקט. איך פאַרנעם מיין שער־געצייג, און איך שטעל זיך פאַר אים, ער זאָל מיר באַצאָלן פאַר דער צייט, וואָס איך בין דאָ אָפּגעווען ביי אים. הערט ער מיך אויס, און מיט אַ חוזקדיק שמייכעלע טוט ער א זאָג: „וואָס זאָגסטו נישט צו דעם יאָלד? גיב אים געלט! איך וועל שוין איבעררעדן מיט גוסקינען" — און ער הייסט מיר זיך פון אים אָפּטשעפּען.

איך פאַרלאָז אים מיט אַ געפיל זיך אוועקצושטעלן אין דרויסן און אויסוויינען אויפן קול. איך בין פאַרצווייפלט. אויף אַזאַ באַ־ליידיקונג האָב איך זיך נישט גערעכנט. איך גיי אַוועק און יעדער אבר ציטערט אין מיר. איך לאָז זיך גיין אויף נאָרפאָלק, צו דער לענסי־סטריט. איך שטעל זיך אָפּ אויפן ראָג גאַס און קוק זיך אַרום אויף דער נייער, האַרצלאָזער וועלט. איך ווייס נישט ווו איך זאָל איצט גיין. צו גוסקינען וועל איך מער נישט גיין. מיר קומט ווידער אויפן געדאַנק די היים...

נאָר פּלוצלינג ציטער איך אויף, בעת איך פיל זיך אַרומגענו־מען פון הינטנאַרום פון צוויי שטאַרקע הענט. איך טו זיך אַ קער אום, — און עס שטייט אַנטקעגן מיר פּנים אל פּנים מיין לאַנדס־מאַן, מיט וועלכן איך האָב זיך שוין באַקענט מיט אַ וואָך צוריק. איך קוק אויף אים און ער קוקט אויף מיר מיט זיין צעשטראַלט פּנים. מיט זיינע צוויי שטאַרקע הענט האלט ער מיך אַרומגענומען, און ער פרייט זיך, וואָס ער האָט מיך דאָ באַגעגנט. ער שרייט אויפן

קול: „העלאָ, משה! העלאָ, משה!", און ער באַפרייט מיך אַ ביסל. ער וויל וויסן נאָך וואָס איך שטיי דאָ, צי וואַרט איך אויף עמיצן? ער רעדט וואַרעם און שנעל, ער קאָן נישט איינשטיין, ער רופט מיך מיט אים אין „קענדי סטאָרקע" עסן אָן אייזקרעם.

אָבער מיר איז „אָנגעזאָלצן" אויפן האַרצן, און דער האַלדז איז מיר פאַרלייגט. איך וויל איצט קיין זאַך נישט. ער פרעגט מיך אויס ווי אַ ברודער, איך זאָל אים דערציילן, צי אַרבעט איך שוין, צי ניין. און דאַן דערצייל איך אים דעם גאַנצן אמת.

דער נאָמען פון דעם מאַן מיט די שטאַרקע הענט איז גרשון. ער איז טאַקע נייַן לאַנדסמאַן, אָבער אין דער היים האָב איך אים קיינמאָל נישט געזען. ווען ער האָט פאַרלאָזט דאָס שטעטל, בין איך געווען אַ קליין יינגל. איך האָב אָבער וועגן אים געהערט דערציילן אַ רירנדיקע געשיכטע, און דערציילט האָט עס מיר מיין אייגענע מאַמע.

ווען גרשון איז געווען אַ יינגל פון זיבן יאָר, איז ער געוואָרן א קיילעכדיקער יתום. פריער איז געשטאָרבן דער טאַטע, נאָכדעם — זיין מאַמע. ווען ער איז געבליבן אַזוי עלנט, האָט זיך אויף אים דערבאַרעמט אַ מומע זיינע, דעם טאַטנס שוועסטער. זי האָט אים גענומען צו זיך און אים „געהאָדעוועט ווי איר אייגן קינד". אָבער גרשון איז נישט געווען גליקלעך ביי איר אין שטוב. ער איז שטענ־דיק געווען הונגעריק. זי אליין איז אויך געווען אַן אלמנה און זיך מפרנס געווען דערפון, וואָס זי פלעגט פאַרקויפן ערדענע טעפּ אין אַ מארקטאָג. קיין גרויסע גליקן האָט זי דערפון נישט געהאַט. ביי גרשונען אין בייכל האָט דער הונגער שטאַרק געמאָנט עסן... פלעגט ער אונטערגנבענען און געשטילט דעם הונגער: אַמאָל צוכאַפּן אַ בולקע, אַמאָל אַ שטיק ברויט. ער פלעגט אָבער דערפאַר זייער אָפט אַריינכאַפּן גוטע קלעפּ...

איינמאָל איז גרשון אַרויסגעקומען אויפן מאַרקפּלאַץ אַ שטאַרק הונגעריקער. זיינע אייגעלעך זענען דורכגעלאָפן איבערן מאַרק און ער האָט דערזען א פערד און וואָגן מיט זעקלעך מעל. ער איז

פאַמעלעך אַרויף אויפן וואָגן און בודק געווען דאָס קליינע זעקעלע, וואָס איז דאָרט געלעגן. אים איז ליכטיק געוואָרן אין די אויגן, ווען ער האָט דערזען אַ פּאָר שטיקער חלה מיט אַ ווייס קעזל. ער האָט עס צורעכט געמאַכט ביזן לעצטן ברעקל און ווען ער האָט שוין געמעגט „אָפּבענטשן", איז פּלוצלינג אָנגעקומען דער אייגנטימער פונעם פערד און וואָגן. גרשון האָט שוין נישט געהאַט ווען צו אַנטלויפן. ער איז שוין געווען גרייט אַריינצוכאַפּן די פּאַרציע קלעפּ... אָבער, דער אָנגעקומענער ייד מיט דער לאַנגער באָרד האלט אים בלויז צו ביי דער האַנט און שלאָגט אים נישט. ער פרעגט אים אויס, ווי די מאָדע איז, גרשון צעוויינט זיך און דער־ציילט דעם גאַנצן אמת. דער ייד מיט דער באָרד (מיין מאַמעס טאַטע, דוד דער מילנער פון דאָרף אקסיטיש) נעמט אים אַרונטער פונעם וואָגן און פירט אים אַריין אין דער אכסניה, צו געבן אים עפּעס אָפּצועסן. ער פאַרזיכערט אים, אַז ער וועט אים קיין שלעכטס נישט טאָן, זאָל ער נישט קיין מורא האָבן פאַר אים.

גרשון האָט זיך פאַסמאַקעוועט מיטן טעלער געקעכטס, אויס־געלעקט ביזן לעצטן טראָפּן און דוד דער מילנער מיט דער לאַנגער באָרד האָט זיך דערווייל נאָכגעפרעגט, צי ס'איז אַלץ אמת, וואָס דאָס יינגל האָט דערציילט. דערנאָך האָט ער גענומען גרשונען פאַר דער האַנט און מיט אים אַוועק צו דער אָרעמער פרוי, גרשונס מומע. ער האָט זי געפרעגט, צי מעג ער נעמען דאָס יינגל אַ היים, אַז ער זאָל נישט דאַרפן גנבענען דאָס שטיקל ברויט. די אָרעמע פרוי האָט געדאַנקט גאָט דערפאַר, און דאָס יינגל איז אויך געווען צופרידן.

אַזוי איז גרשון אַוועקגענומען געוואָרן פון שטעטל, ווו ער וואָלט מיט דער צייט געקאָנט ווערן אַן אמתער גנב. ער האָט זיך געהאָדעוועט ביי מיין זיידן אויפן דאָרף, ווו ער האָט געהאַט איבער זיך ווער עס זאָל אויף אים אַכטונג געבן. אין מיל האָט דאָס עסן אַ קליינעם ווערט. גרשון האָט געהאַט גענוג צו עסן, און נאַקעט איז ער נישט אַרומגעגאַנגען. דער מלמד, וואָס איז געקומען לער־

גען מיט מיין זיידנס דריי יינגלעך, האָט אויך גרשונען צוגעזעצט צום טיש, אז עס זאָל פון אים נישט אויסוואַקסן קיין „איוואַן"...

די יאָרן זענען געלאָפן און גרשון איז געוואַקסן אין דער לענג און אין דער ברייט. ווען ער איז געוואָרן פופצן יאָר אַלט, האָט גרשון, חוץ זיין ליבע פאַר דעם פערד, אויך וועלכן ער האָט אַכ־טונג געגעבן, ליב באַקומען צו ווערן אַ „מילנער". ווען ער האָט שוין געקענט כּאַרוואַרפן אַ זאַק מעל אויפן אקסל און זיך אפילו קיין קרום נישט טאָן, איז ער ביסלעכווייז געוואָרן ביים זיידן אַ „מענטש" אין דער מיל און ער האָט געקריגן צו ביסלעך מזומן, איבער וועלכן ער איז געווען באַלעבאָס און געקאָנט זיך קויפן וואָס ער וויל.

גרשון האָט זיך אין דער שטוב געפילט אַן אייגענער. פון יאָר צו יאָר איז ער געוואָרן אַלץ שטאַרקער.

ווען ער איז אַלט געוואָרן איין און צוואַנציק יאָר, האָט דער רוסישער קייסער אים „פאַרבעטן" צו זיך, געוואָלט מאַכן אים פאַר אַ סאָלדאַט. גרשון האָט לאַנג נישט געדאַרפט זיך מיישב זיין: ער האָט אַ זאָג געטאָן „אַ מכה אים אין די אויערן!" — און מיטן ביסל געלט, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, האָט ער זיך אַריבערגעפּעקלט קיין לאָנדאָן.

אָט די געשיכטע האָט די מאַמע דערציילט. מער האָט זי וועגן אים נישט געוווּסט. גרשון האָט קיינמאָל קיין בריוולעך נישט גע־שריבן.

ווען איך בין אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק און זיך באַגעגנט מיט לאַנדסלייט, האָב איך צווישן זיי דערזען דעם שטאַרקן יונג, וועל־כער איז טאַקע צו מיר צוגעקומען געבן „שלום עליכם", ער האָט שיער נישט צעקוועטשט מיין האַנט. ער האָט מיך גוט באַקוקט און צום סוף אַ זאָג געטאָן: „ביין, דיך קען איך נישט. דו ביסט נאָך געווען א יינגעלע, ווען איך האָב פאַרלאָזט סעמיאַטיטש. אָבער, זאָג מיר נאָר, ווער איז דיין טאַטע, אפשר קען איך אים".

ווען איך זאָג אים מיין טאַטנס נאָמען, קוועטשט ער מיט די

אויגן און ענטפערט: „ניין, איך קען אים אויכעט נישט. אפשר וועל איך געדענקען דיין זיידנס נאָמען?". טו איך אים צוליב און איך זאָג אים: מיין זיידנס נאָמען איז דוד אַקסיטישער. — ווי נאָר איך האָב אַרויסגעזאָגט דעם נאָמען, האָט זיך דער יונג אַזש אַ צאַפּל געטאָן. זיין שווערער קערפּער האָט זיך א ריס געטאָן צו מיר און ער האָט מיך באַוואָרפן מיט פראַגן: „וואָס, וואָס האָסטו געזאָגט, דוד אקסיטישער? ער איז דיין זיידע?... דו ביסט זיין אייניקל?... אוי, געוואַלט!... לאָז מיך נאָר זיך דערמאָנען!... יעס, יעס... איצט דערקען איך דיך שוין.: דו ביסט נאָך געווען אַ קליינער באטראַק... דו ביסט מיט זיין מאַמען געקומען פון בריסק צוגאַסט צום זיידן אין דאָרף אריין. אוי, געוואַלט! דו געדענקסט, ווי דו האָסט גע־וואָלט איך זאָל דיך אַרויפזעצן אויפן פערד רייטנדיק? ביסט געווען פון די ריכטיקע באַטראַקעס!... און איצט ביסטו דאָך אַ לייט! דו האָסט שוין אפשר א ווייב מיט קינדער? אוי, געוואַלד!"... — און ער נעמט מיך אַרום מיט זיינע צוויי שטאַרקע אָרעמס, ער דריקט מיך צו צו זיין שטאַרקער ברוסט מיט אזא קראַפט, אז איך קאָן קוים מיין אָטעם כאַפּן.

ווען ער האָט זיך אַ ביסל באַרויקט, נעמט ער זיך ביי מיר נאָכפרעגן וועגן מיין זיידן און באָבען, וועגן אַלע פעטערס מיינע, און ער זאָגט, אַז ער האָט צו זיי קיינמאָל נישט געשריבן, ווייל ער קען נישט שרייבן קיין בריוועלעך...

„און וואָס האָסטו געטאָן אין לאָנדאָן?" — פרעג איך שוין ביי אים. דערציילט ער פאַר אַלעמען זיין „לעבנס־געשיכטע". ווען ער איז געקומען קיין לאָנדאָן, האָט ער זיך אַרומגעשלייעט איבער די גאַסן, ביז עמיצער האָט זיך מיט אים „פאַרטשעפּעט", האָט ער יענעם געגעבן אַ „מתנת יד". האָט מען זיך דערוווּסט, אַז ער קאָן זיך „פייטן" (שלאָגן) און ער איז געוואָרן אַ פייטער. שפּעטער איז ער געוואָרן אַ „רעסלער". ערשט דאָן איז אויפגעגאַנגען זיין שטערן. ער האָט גוט פאַרדינט דערביי. אַ צייט שפּעטער איז גע־קומען אַ „מענעדזשער" פון ניו־יאָרק און האָט אים אַהין אַריבער־

געגומען. דאָ רעסלט ער אויך. אָבער לעצטנס רוט ער זיך אָפּ. און דערפאַר האָט ער אַ סך צייט צו קומען זיך זען מיט לאַנדסלייט. ער האָט ליב צו זען לאַנדסלייט. אָבער איך בין ביי אים טייערער פון אַלע לאַנדסלייט. ער טרעט פון מיר נישט אָפּ, ווי כ׳וואָלט געווען זיינער אַ געפונענער ברודער... איך מוז אים צוזאָגן, אַז איך וועל זיך מיט אים טרעפן נאָך אַ סך מאָל.

אָט דאָס איז דער גרשון, וואָס האָט מיך איבערראַשט מיט זיין אַרומנעמען מיך, בעת איך בין אַ פאַרזאָרגטער געשטאַנען אויפן ראָג דעלענסי־סטריט. ער האָט געוואָלט וויסן וואָס איך טו דאָ. ווען כ׳האָב אים דערציילט, איז ער אויפגעציטערט געוואָרן, מיך גענו־מען פאַר דער האַנט, איך זאָל מיט אים גיין צו דעם באַרבער.

גרשון פירט מיך (נישט איך אים), און מיין האַרץ שרעקט מיך אַ ביסל. גיב איך אַ זאָג צו אים: „גרשון, זאָלסט אים נישט מאַכן פאַר א קאַליקע! שרעק אים בלויז אָן... אַלץ וואָס איך וויל, אַז ער זאָל מיר באַצאָלן, דאָס אַלץ״...

„האָסט טאַקע אויף אים רחמנות?״ — זאָגט גרשון — „גוט, איך וועל אים נאָר אַ טרייסל טאָן״.

איך גיי מיט גרשונען צו צו דעם באַרבער־שאָפּ. איך בלייב אין דרויסן און ער גייט אַריין. ער רעדט נישט, נאָר ער נעמט דעם באַלעבאָס פון באַרבער־שאָפּ מיט איין האַנט ביים פאַסיק, הויבט אים אויף אין דער הויך און פרעגט: „וועסט אים באַצאָלן פאַר זיין אַרבעט?״ (ער ווייזט אָן אויף מיר).

דער עולם אין באַרבער־שאָפּ איז פאַרגאַפט פון אזא גבורה. קיינער רעדט נישט אויס קיין וואָרט. דער באָס־באַרבער שרייט: „לאָז מיך אַרונטער, איך וועל אים באַצאָלן״...

גרשון שטעלט אים אַרונטער פּאמעלעך, ווי ער וואָלט גע־האַלטן אין האַנט עפּעס א גלעזערנע זאַך. גרשון רופט מיך אַריין און דער באָס נעמט אַרויס פון קעשענע אַ דאָלאַר און גיט מיר. זאָג איך, „ניין, מיר קומט פאַר אלע קנאַפּע דריי טעג; קיין אַנדערן

פּלאַץ צו ארבעטן וועל איך איצט נישט געפינען". ער קומט מיט מיר אַדורך, און גיט מיר פינף דאָלאַר...

ווען איך גיי צוריק מיט גרשונען צו דעלענסי־סטריט, זע איך ווי ער איז גליקלעך פון דעם, וואָס ער האָט געטאָן פאַר מיר... און געטאָן האָט ער דאָס נישט פאַר מיר בלויז, נאָר פאַר מיין זיידן, וועלכער האָט אַמאָל געגעבן אים אַ היים.

איך האָב באַשלאָסן, אז צו גוסקינען וועל איך מער נישט גיין בעטן אַ „דזשאַב". כאָטש איך האָב גאָרנישט קעגן אים, ער האָט פאַר מיר געטאָן מער וויפל איך האָב עס פאַרדינט. ווייל איך בין דאָך נישט קיין „מעמבער" אין דער „יוניאָן". אָבער איך שעם זיך שוין צו ווייזן זיך פאַר אים. איך ווייס גאַנץ גוט, אז דער „שולדיקער" בין איך אַליין. איך בין מיט אַמעריקע נישט צופרידן... מיך ציט צוריק אַהיים. איך בענק נאָך מיין פרוי, נאָך מיין טעכטערל. דאָ בין איך אַן עלנטער...

אָבער איך דאַרף דאָך פריער אָנפרעגן ביי מיין פרוי. זי האָט דאָך דאָ איר מוטער מיט אירע שוועסטער און ברידער. זי איז דאָך באַרעכטיקט צו באַשטימען, צי זאָל איך טאַקע קומען צוריק צו איר, אָדער איך זאָל זי ברענגען אַהער, ווען זי וועט „איבערקומען", שוין מיטביידע קינדער.

איך באַשליס, אַז היינט וועל איך איר אָנשרייבן אַ בריוול.

איך דריי זיך נאָך אַרום אַ ביסל איבער די יידישע גאַסן. אויפן האַרצן איז מיר נישט פריילעך. אַזויפיל מענטשן. אַלע זענען צו־פרידן. בלויז איך איינער גיי דאָ אַרום, ווי אלע מיינע שיפן וואָלטן אונטערגעגאַנגען אויפן ים...

איך לאָז זיך גיין צו הענרי־סטריט, צו מיין שוויגער אין שטוב אַריין. איך וועל דאָרט וועגן דאָזיקן ענין איבעררעדן מיט איר. לאָמיר הערן, וואָס זי וועט זאָגן.

ווי נאָר איך קום אַריין צו מיין שוויגער, גיט זי מיר איבער אַ בריוול, וואָס איז נאָך נעכטן אָנגעקומען פון טשיקאַגאָ. דאָס

בריוול איז פון מיין שוועסטער, וועלכע וווינט דאָרט מיט איר מאַן. זיי האָב איך נאָך נישט געזען.

לייען איך דאָס בריוול און מיר גלוסט זיך אַזש אויסשרייען פון פרייד: מיין שוועסטער שרייבט צו מיר, אַז איך זאָל צו איר קומען. זי איז זיכער, אַז אין טשיקאַגאָ וועל איך זיך פילן בעסער ווי אין ניו־יאָרק, און, אַגבֿ, וועלן מיר דאָך זיין צוזאַמען. איך האָב זי נישט געזען שוין דריי יאָר, זינט זי איז מיט איר מאַן אוועקגע־פאָרן קיין אַמעריקע.

דערצייל איך דאָס גלייך מיין שוויגער און זאָג איר, אַז איך וועל טאַקע פאָרן צו מיין שוועסטער.

מיין שוויגער געפעלט נישט דער פּלאַן. זי רעדט מיך אָפּ. זי זאָגט, אַז אויב איינער געפינט נישט קיין אַרבעט אין ניו־יאָרק, וועט ער אין טשיקאַגאָ אויך נישט באַקומען. און צום סוף זאָגט זי מיר אין פּנים אַריין — „משה, דו ביסט אַ „ניעכצע ראָביטש" (איינער, וואָס וויל נישט אַרבעטן).

דאָס וואָרט לאָזט איך פאַרביי. איך ענטפער איר נישט. איך גיי אַוועק און לאָז זיך גיין צו זיך אין „צימער" אַריין. איך זעץ זיך אָנשרייבן אַ בריוול צו מיין שוועסטער אין טשיקאַגאָ. איך זאָג איר דעם אמת, אַז עס פעלט מיר נאָך עפּעס צו צו קויפן דעם בילעט, איך וואָלט צו איר זיכער געקומען. און איך שיק אַוועק דאָס בריוול.

מיט אַ וואָך שפּעטער איז צו מיר אָנגעקומען אַ באַן־בילעט מיט נאָך 20 דאָלאַר, טאָמער וועט מיר צופעלן צו דער רייזע — אַזוי שרייבט מיר מיין שוועסטער.

איך וואָלט שוין געקאָנט פאַרלאָזן ניו־יאָרק, אָבער איך דער־וואַרט אַ בריוו פון מיין פרוי. איך בין זיכער, אַז די טעג וועט דער בריוו אָנקומען. דערנאָך וועל איך קאָנען אוועקפאָרן.

דערווייל באַשליס איך, אַז פאַרן אוועקפאָרן זאָל איך נאָך אַ ביסל „אָנקוקן ניו־יאָרק". איצט קאָן איך דאָך שוין אַרומגיין אי־בער די גאַסן מיט אַ רויקן געדאַנק. אָט וועל איך ווידער זיך אַדורכ־

גייען די גאַסן: דעלענסי, צווייטע עוועניו, פאָרן מיטן עלעווייטער, מאַכן אַ רייזע מיט דער „סאָבוויי־באַן" ביז דער צוויי און פער־ציקסטער גאַס.

אָבער לאַנג אַרומגיין אין יענער טומלדיקער גאַס קאָן איך נישט. איך פיל זיך דאָ, ווי אין א פאַרבלאָנדזשעטן וואַלד און איך באַשליס צו גיין אויף צוריק צופוס. איך פאַרפעל נישט אָנצוקוקן די הויכע מויערן, די גרויסע מאַגאַזינען. אָבער אַלע און אַלץ, וואָס איך זע, זענען צו מיר פרעמד. איך פיל זיך דאָ ווי אין קלעם, צווישן ציגל און שטאָל. ערשט ווען איך דערגרייך שוין די צווייטע עוועניו, געפין זיך צווישן מיינע יידן, און איך הער שוין רעדן יידיש, אָדער פויליש און רוסיש — פיל איך זיך ווי אין דער היים... אויך דאָ, ווי אויף הענרי־גאַס, זיצן ווייבער מיט קינדער אויף די בריקלעך, אָדער זיי גייען אויפן טראָטואַר מיט די קינדער־וועגעלעך. די זון וואַרעמט. און סוחרים מיט שטופּ־וועגעלעך שטייען און פאַרקויפן „מאַראַזשענע", קאַלט אייז־וואַסער, געבראָטענע קאַרטאָפל און אַנדערע „נאַשערייען". איך פאַרבלאָנדזשע אַריין אין רעסטאָראַן עפּעס אָפּעסן, אָבער אויף נאָרפאָלק־גאַס איז דאָס עסן געשמאַקער. כּוון דאַנען פאַרנעם איך זיך אויף אָרטשארד־גאַס. פאַר 35 סענט קויף איך זיך א העמד, פאַר פינף סענט — אַ פּאָר זאָקן. איך קויף זיך אויך אין אַנדערע קלייניקייטן מיטצונעמען קיין טשיקאַגאָ.

אָבער מער ווי די גאַנצע שטאָט ניו־יאָרק געפעלט מיר דע־לענסי־גאַס. אַזוי פיל יידן, אַזויפיל קינדער... און אומעטום רעסטאָ־ראַנען.

נאָך מער פאַרגעניגן פאַרשאַפן מיר אין די לעצטע פּאָר אָוונטן מיינע חברים — לאַנדסלייט און אויך מיינע שוועגערינס מיטן שוואָגער. זיי פירן מיך אויף דער לאַנגער בריק, וואָס ציט זיך פון דעלענסי ביז ברוקלין. אויף דער בריק איז לעבעדיק און פריילעך. דאָ איז ווי א וועלט פאַר זיך, איינגעטיילט אין לענדער און שטעט: יעדע באַנק איז א באזונדערע שטאָט, אָדער שטעטל, ווו אירע אַרי־בערגעקומענע מענטשן רעדן פון איר. מען רעדט אַלערליי לשונות,

מען זינגט אַלערליי לידער. די לאַנגע בריק איז דורכויס אַ יידישע...

איך האָב איסט־בראָדוויי אויך נישט פאַרשעמט: איך בין דאָרט אַרומגעגאַנגען שעהן־לאַנג, געוואָלט מיטנעמען אין מיין דמיון דעם אויסגעטרוקנטן, פאַרצוימטן גאָרטן, ווו ס׳איז קיין גרין ביימל נישטאָ און דעם „פאָרווערטס״, ווו עס איילן אַריין און ארויס אַזוי־פיל מענטשן — ווער ווייסט ווער פון זיי ס׳איז אַ שרייבער?...

אין אָוונט בין איך אַ פּאָר מאָל ארויפגעגאנגען אין דעם „עדי־קיישנאל־עלייענס״, איך בין באַגייסטערט פון אַזויפיל יידישע קינ־דער! אמת, איך פאַרשטיי נישט, וואָס זיי רעדן און שרייען, אָבער יידישע קינדער זענען זיי!

אויפן העכסטן שטאָק קוק איך זיך צו, ווי עלטערע און יונגע יידישע מענטשן זיצן פאַרטיפט אין שפּילן שאַך. איך וויל אויכעט שפּילן אַ פּאַרטיע שאַך, אָבער קיינער וויל מיט מיר נישט שפּילן: יעדער שפּילער האָט זיך זיין מיטשפּילער.

איינמאָל, אַ פאַרנאַכט, נעמט מיך מיין שוואָגער ווידער אויף אַ שפּאַציר אויף איסט־בראָדוויי. ער ווייזט מיר אָן אויף אַ יידישער רעסטאָראַציע, אין וועלכער עס עסן יידישע שרייבער. ער פאַר־זיכערט מיר, אַז אַ פּאָר פון די אַריינגייענדיקע שרייבער שרייבן אין „פאָרווערטס״ (די רעסטאָראַציע איז דאָך געווען אַנטקעגן די „עדיקיישאנעל־עלייענס״, ווו עס שטייט איצט די שטאָטישע בי־בליאָטעק).

צומאָרגנס בין איך אַליין געגאַנגען אויף איסט־בראָדוויי, פאַר־ביי דעם רעסטאָראַן, ווו עס גייען אַריין די שרייבער. עס איז גע־ווען פאַר צוועלף. איך בין אַריין עפּעס אָפּעסן. עס זענען דאָרט געזעסן מענטשן מיט לאַנגע האָר, אָבער איך האָב נישט געוווסט, צי די דאָזיקע באַלאַנגען צו דער שרייבער־משפחה. פרעגן האָב איך זיך געשעמט.

דאָס איז געווען מיין לעצטער שפּאַציר אויף איסט־בראָדוויי — די גאַס, אויף וועלכער עס ווערט געדרוקט דאָס יידישע וואָרט; די גאַס, צו וועלכער עס ציען זיך די אַלע אריבערגעקומענע פון דער

אַלטער צו דער נייער יידישער וועלט, וואָס האַלט זיך איצט אין בויען אויף די יסודות פון פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכ־קייט.

אויפן צווייטן טאָג, צום סוף פון חודש יולי, נאָכמיטאָג, האָב איך זיך געזעגנט מיט מיין משפחה און איך בין מיט מיין קליינעם פעקעלע געגאַנגען צו דער „איבערפארפעררי” (פאראס) זיך ארי־בערשיפן אויף דער צווייטער זייט הודסאָן, פון וואַנען עס וועט אָפפאָרן די „אירי באַן”, וואָס וועט מיך אַוועקפירן קיין טשיקאַגאָ.

## קאַפּיטל צוויי

די רייזע מיט דער „איריבאַן״ פֿון וויהאַקן ביז טשיקאַגאָ האָט געדויערט פֿיר און צוואַנציק שעה. ווען איך בין אַרויסגעקומען פֿון וואַגאָן, האָט שוין דאָרט אויף מיר געוואַרט מיין שוואָגער ברוך. ער האָט זיך מיט מיר דערפֿרייט און אָפּגעגעבן אַ האַרציקן שלום־עליכם.

מיר זענען אַרויס פֿונעם וואָקזאַל און זיך געשטעלט אויף דער גאַס וואַרטן ביז ס׳וועט אָנפֿאָרן אַ טראַמוויי. מיר זענען מיטן טראַמוויי (סטריט־קאַר) צוגעפֿאָרן ביז דער פּאולאַיינע־גאַס, וווּ מיין שוועסטער מיט איר מאַן וווינען. אויפֿן ראָג איז שוין געשטאַנען מיין שוועסטער רבקה און געוואַרט אויף אונדזער אָנקומען.

ביי מיין שוועסטער האָבן זיך די אויגן אָנגעפֿילט מיט טרערן. זי האָט מיך אַרומגענומען ווי אונדזער מאַמע פֿלעגט טאָן און מיך צוגעדריקט צום האַרצן. אַזוי צוגעטוליעטערהייט, איינער צום צווייטן, ווי אַ צוגעוואַקסענער צווילינג, זענען מיר ביידע נאָכגעגאַנגען דעם מאַן אירן ביז אין שטוב אַריין. אין שטוב איז זי זיך פֿאַרגאַנגען אין אַ געוויין: „אַזוי לאַנג זיך נישט געזען!... און וואָס מאַכן די מאַמע מיטן טאַטן? די שוועסטער? און דיין פֿרוי שיינע מיטן קינד?״. אַלץ, אַלץ האָט זי דורך די טרערן זיך אויסגעפֿרעגט. דערנאָך האָט זי באַוויזן איר היים: פֿיר צימערן מיט שיין מעבל, מיט אַ טעפּיך אויפֿן דיל און די קיך מיט אַלערליי כלים — אַזוי־פֿיל כלים! און דערביי האָט זי זיך צעוויינט: „ווען טאַטע־מאַמע וואָלטן דאָס אַלץ געקאָנט אָנקוקן! דו געדענקסט, משה, ווי גרויס אונדזער היים איז געווען, ווען מיר זענען געווען קינדער? איין קאַמער פֿאַר זעלבעפֿינפֿט. און דאָ — אַזאַ רחבותדיקע היים פֿאַר צוויי מענטשן!״.

מיין שוואָגער בעראַך האָט מיך פון איר אַוועקגענומען און גע־פירט ווייזן דאָס צימער, וואָס זיי האָבן צוגעגרייט פאַר מיינעטוועגן. ער האָט מיר אַריינגעקוקט אין פּנים און מיט צופרידנקייט אַ זאָג געטאָן: „משה, דאָ איז דיין היים, דאָס איז דיין צימער צום שלאָפן, אָבער די גאַנצע שטוב איז דיין היים. וועסט זיך דאָ פילן גוט, בעסער ווי אין ניו־יאָרק". מיין שוועסטער האָט ווידער געווישט די אויגן. דערנאָך האָט מען זיך געזעצט צום טיש. דער געגרייטער טיש האָט מיך דערמאָנט אין א גבירישער היים. מיט אַ טישטעך און טאָפּלטע כּלים, גלעזלעך און גלעזער. אַלץ אַזויווי ביי די גבירים אין סעמיאַטיטש. די מאכלים האָבן געהאט אלע טעמים. אין ניו־יאָרק האָב איך אַזעלכע נישט געגעסן.

נאָכן עסן איז מיין שוואָגער געגאַנגען אין אַ שענק קויפן ביר (סאלאן), מיט אַ בלעכן קעסעלע — פיר גלעזער ביר פאַר פינף סענט. אזעלכע מציאות האָט מען דאַן געקאָנט קויפן סיי אין טשי־קאַגאָ און סיי אין אַנדערע שטעט.

יענעם טאָג איז מיין בעראַך נישט געגאַנגען צו זיין אַרבעט: מיר האָבן געהאַט א סך צו רעדן, צו דערציילן און איבערדערציילן. מיין שוועסטער איז געווען זיכער, אַז אין דער שטאָט וועל איך נישט האָבן קיין שוועריקייטן צו געפינען אַרבעט, אָבער זי האָט כאַרלאַנגט פון מיר, אז איך זאָל זיך נישט איילן, אַז כאָטש איבער די ימים־נוראים־מדיקע טעג זאָל איך זיין פריי פון ארבעט. איך זאָל זיך גוט אויסרוען. איך אָבער בין געווען גרייט צו גיין זוכן אַרבעט באַלד אויף דער צווייטער וואָך. איך בין דאָך נישט „אַליין". אָט וועל איך אינגיכן שוין זיין אַ טאַטע פון צוויי קינדער. איך מוז זיך דאָך נעמען גרייטן „זיי" אַריבערצונעמען און שאַפן פאַר זיי אַן אייגענע היים.

*

עס איז געווען אַ דאָנערשטיק אינדערפרי, ווען איך בין מיטן סטריט־קאַר געפאָרן „דאון־טאון", ווו דער באַרבער־אַגענט וווינט,

כּדי דורך אים אפשר באַקומען אַ שטעלע צו אַרבעטן. ווען איך בין אַהינגעקומען, האָבן דאָרט שוין געוואַרט נאָך אַ צאָל באַרבערס. איך האָב זיך אויך געזעצט וואַרטן.

נאָך האַלבן טאָג האָט דער „איידזשענט" געגעבן יעדן איינעם אַ קאַרטעלע מיטן אַדרעס, וווהין צו גיין אַרבעטן (מ'האָט אים פאַר דעם באַצאָלט). ער האָט מיך נישט פאַרטיילט. מיין „דזשאַב" האָט באַטראָפן זיבן דאָלאַר פאַר צוויי טעג ארבעט. אים האָב איך געגעבן א דאָלאַר.

פרייטיק אינדערפרי בין איך געפאָרן צו דער אַרבעט. דאָס איז געווען אויף דער קעדזי־גאַס, נעבן דער צוועלפטער גאַס. דער נאָמען פון אייגנטימער איז געווען קאַץ. איך בין אריין און אים געגעבן דאָס קאַרטעלע. ער האָט מיך גוט באַטראַכט; גערעדט צו מיר ענגליש. איך האָב אים דערקלערט אין יידיש, אַז איך קען מיין אַרבעט, און איך וועל פאַרשטיין, וואָס מען רעדט צו מיר, אָבער ער, דער יידישער קאַץ, האָט געשאָקלט מיט זיין קאָפּ, אַז ער פאַרשטייט נישט, וואָס איך רעד צו אים און האָט מיר צוריקגעגעבן דאָס קאַרטעלע.

איך בין צוריקגעפאָרן צום „איידזשענט" און גערעדט צו אים מיט דעם „יידישן דייטש" (ער איז געווען אַ דייטש). הערט ער מיך אויס, און אויף זיין פּנים באַווייזט זיך אַ סאַרקאַסטיש שמייכעלע. ער ווייסט, אַז קאַץ איז א ייד. איך שטיי אַנטקעגן אים מיט אַ פאַרשעמט פּנים. איך פאַרשטיי, אַז ער מעג אָפּלאַכן פון אונדז יידן, וואָס באַהאלטן אויס זייער יידישקייט.

ער הייסט מיך זעצן און וואַרטן, אפשר וועט נאָך ווער אָנקלינגען, אז מען דאַרף א באַרבער צו דער אַרבעט. זעץ איך זיך וואַרטן און ס'איז טאַקע אזוי געשען. אינגיכן האָט מען אָנגעקלינגען און ער האָט מיר געגעבן א ניי קאַרטעלע ווו צו גיין אַרבעטן שבת און אַ האַלבן טאָג זונטיק, פאַר די זעלבע זיבן דאָלאַר. איך פאַרלאָז אים מיט אַן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ. ס'איז געווען פאַר מיר פּיינלעך דאָס זיצן און וואַרטן.

שבת האָט מיין שוועסטער מיך אויפגעוועקט גאַנץ פרי, איך זאָל זיך נישט דאַרפן יאָגן. איך האָב געהאט א ווייטן וועג צו פאָרן.

איך בין אָנגעקומען צום ריכטיקן פּלאַץ אַרום אַכט אַזייגער. דאָרטן זענען שוין געזעסן דריי מענטשן און געוואַרט. דער אייגנ־טימער, אַן עלטערער דייטש מיט צוויי שפּיציקע וואָנצעס און אַ פּליכעוואטן קאָפּ, איז שוין געשטאַנען ביי זיין ארבעט. איך האָב אים איבערגעגעבן דאָס „קאַרטעלע״ און ער האָט מיך געהייסן זיך שטעלן צו דער אַרבעט.

מיין ערשטער קליענט, אויך אַ דייטש, מיט א קאָפּ לאנגע האָר, האָט זיך געזעצט אויפן באַרבער־שטול און איך האָב גענו־מען שערן זיינע האָר. איך בין מיט אים גיך „פאַרטיק געוואָרן״ און גערופן דעם צווייטן אויף מיין שטול. איידער מיין באלעבאָס איז פארטיק געוואָרן מיט זיין ערשטע „הערקאט״, בין איך שוין געווען פאַרטיק מיטן צווייטן. דער דייטש האָט זיך געקרימט און נישט אַוועקגענומען זיינע אויגן פון מיינע הענט... אים איז נישט געפעלן, וואָס איך ארבעט צו שנעל. ווען איך בין שוין געשטאַנען גרייט אויפצונעמען דעם פערטן „קאסטימער״ — האָט דער אלטער מער נישט אויסגעהאלטן. ער האָט זיך אַ שטעל געטאָן און געזאָגט: „זי וואָלן מיין גאַנץ געשעפט פערדערבן!״... זי שניידן זאָ שנעל!... הער, איך אַנטלאסע זי!״, און ער האָט מיר באַצאָלט די זיבן דאָ־לאַר, וואָס דער אַגענט האָט אָנגעשריבן אויפן קארטעלע. איך האָב גאָרנישט געזאָגט, צוגענומען מיין שער־געצייג און שנעל אַוועק צום טראַמוויי, ער זאָל אַמאָל נישט חרטה האָבן און רופן מיך צוריק... דאָס איז שוין געווען מיין צווייטע „דערפארונג״ אין דער שטאָט טשיקאַגאָ.

איך בין צום אַגענט מער נישט געגאנגען, פאר די צוויי טעג האָב איך דאָך שוין באַקומען באַצאָלט — טאָ וואָס נאָך דאַרף איך?

מיין שוועסטער מיט איר מאַן זענען געווען איבעראַשט, ווען איך בין אריינגעקומען. ווען איך האָב זיי דערציילט, וואָס דאָרט איז געשען, האָבן זיי זיך האַרציק צעלאַכט. אָבער מיר האָט זיך

גאָרנישט געלאַכט. ס'האָט מיר שטאַרק באַנג געטאָן, פֿאַרוואָס איך האָב ביי דעם אַלטן גענומען די גאַנצע זיבן דאָלאַר... איך האָב דאָך פֿארשטאַנען פֿאַרוואָס ער האָט דאָס געטאָן. ער האָט מורא געהאַט דערפֿאַר וואָס איך ארבעט צו גיך. זיינע קליענטן זענען צו אַזאַ גיכער אַרבעט נישט צוגעוווינט.

„ווייסטו גאָר וואָס — האָט מיין שוואָגער א זאָג געטאָן — איצט גיי צו צו נאָך אן אַגענט און נעם אַ צווייטן „דזשאב", וועסטו שוין האָבן פֿארדינט טאָפּל פֿאר די פּאָר טעג". אָבער מיין שוועס־טער איז געווען קעגן דעם. זי האָט געזאָגט: „ס'איז נישט נייטיק, זאָל משה מיט אונדז גיין באַזוכן אַ לאַנדסמאַן, א פריינד אונדזערן".

און אַזוי איז עס געבליבן. שבת בין איך מיט זיי געגאַנגען באַזוכן זייערע פריינד.

דורך די צוויי פרייע טעג האָב איך א סך נאָכגעטראַכט. די צוויי דערפֿאַרונגען אין שטאָט האָבן מיך עפּעס געלערנט. איך בין געקומען צום באַשלוס, אז איך וועל מער נישט גיין צו קיין „איי־דזשענט" קויפן דעם „דזשאב", איך וועל אַליין ארומגיין אין שטאָט זיך נאָכפרעגן אין די בארבער־שעפּער, צי מען דארף א מענטש צו דער ארבעט.

מאָנטיק אינדערפרי בין איך אַוועק פון דער היים מיטן גע־דאנק צו פֿאָרן אין דער יידישער געגנט און דאָרטן פּרובירן מיין מזל. איך בין אויפן „סטריט־קאר" געפֿאָרן ביז צוועלפטער און האלסטעד־סטריט. איך בין אַראָפּ פון דער „קאר" און געגאנגען ביז מעקסוויל־סטריט. אויפן סאמע ראָג (קאָרנער) גאס האָב איך דער־זען א גרויסן בארבער־שאפּ. דער יונגערמאן, וואָס איז געשטאנען ביי דער ערשטער שטול, האָט אויסגעזען ווי א ייד אָדער אן אי־טאַליענער.

נישט מיט קיין גרינג הארץ בין איך אריינגעגאנגען אין דאָזיקן פלאץ. איך האָב זיך צוגעשטעלט צום יונגנמאן ביי דער ערשטער שטול און צו אים גערעדט יידיש...

ער האָט מיר געענטפערט אויף יידיש, אַז איך זאָל צוואַרטן

אַ ווילע, וועט ער צו מיר רעדן. ווען ער האָט זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיטן „קאסטימער" אויף זיין שטול, האָט ער מיך צוגערופן. איך האָב אים דערציילט, ווי שווער עס איז פאַר מיר, אַ „גרינעם", צו ארבעטן אין א נישט־יידישן בארבער־שאפּ. ער האָט מיך אויס־געהערט און געשמייכלט. דערנאָך האָט ער מיך געפרעגט, צי איך בין א גוטער בארבער. אז איך האָב אים פאַרגעלייגט ער זאָל מיך פּרווון, האָט ער מסכים געווען. ער האָט מיך געהייסן קומען אין א וואָך אַרום. איינער פון זיינע פינף בארבערס פאַרלאָזט אים — וועט ער מיך שטעלן אויף יענעמס אָרט. איך בין געווען שטאַרק צופרידן און אַוועק פון אים מיטן צוזאָג צו קומען צו אים דעם קומענדיקן מאָנטיק.

איך בין מער נישט געגאנגען זוכן. איך בין געפאָרן גלייך א היים. ווען מיין שוועסטער האָט דערהערט, אז איך האָב שוין אַ „דזשאַב", איז זי געווען גליקלעך. עס איז אונדז בײדע אַראָפּ די זאָרג פון קאָפּ. איך האָב שוין איצט געקאָנט טראַכטן פון אַנדערע אינטערעסאנטע פאר מיר ענינים: איך האָב זיך דערוווּסט, אז אַרום דיוויזשן־סטריט געפינט זיך א יידישע אינסטיטוציע מיטן נאָמען „עדיקיישאנאל אַליאַנס". אין אָוונט בין איך אַהין צוגע־גאַנגען. איך האָב זיך דאָרט באַקענט מיט יידישע קולטור־מענטשן, און זיי האָבן מיך אביסל באקענט מיט טשיקאַגאָ. זיי האָבן מיר דערציילט, אז דאָ עקזיסטירט א יידישע שול, א פּאַרבאנד ארבעטער־רינג, און אז עס דערשיינען דאָ יידישע צייטשריפטן. ווען איך וועל זיך אביסל אויסגרינען און האָבן מער פרייע צייט, וועל איך שוין אליין געפינען א ווינקל, צו וועלכן איך זאָל באלאנגען.

אוודאי, מיין שוואָגער בעראך קאָן זיך באגיין אָן די „ווינק־לען" — ער איז א פיינער מאַן, א יידישער מענטש, און שבת־יום־טוב גייט ער אין שול אריין דאווענען. פאר אים איז עס גענוג. דערפאר קאָן איך וועגן אזעלכע ענינים ווי מיינע מיט אים נישט רעדן. מיין שוועסטער זאָל לעבן איז א טייערע פרוי, א גוט ווייב צו איר מאן און א האַרציקע שוועסטער צו מיר, כאָטש זי ווייסט,

אז צו איר פרומקייט קאָן זי מיך נישט צוגלייכן. מיין שוועסטער איז דערפון נישט איבעראַשט. זי געדענקט, אַז פון מיין פריער יוגנט אָן בין איך נישט שטאַרק פרום. איך האָב איר דערמאָנט אין יענער צייט, ווען איך פלעג נישט וועלן גיין דאווענען אין בית־המדרש, נאָר אָפּדאווענען אין דער היים. זי פלעגט קוקן אויפן זייגער, ווי לאַנג עס דויערט ביי מיר דאָס דאווענען און דערנאָך, ווען דער טאַטע פלעגט אַהיימקומען, האָט זי אים אָפּגעגעבן דעם באריכט... זי האָט זיך שטאַרק צעלאכט. זי האָט מיר פאַרזיכערט, אז דאָ, אין אמעריקע, מישט זי זיך נישט אין אזעלכע „זאַכן", זאָל יעדער איינער טאָן ווי אים געפעלט.

איך האָב איר געגלייבט. זי איז דאָ אַ סך דעמאָקראַטישער געוואָרן, דערביי אָבער — נאָך מער איבערגעגעבן צו איר אייגע־נער פרומקייט.

מיין שוועסטער איז מיר זייער געטריי. זי היט מיך אָפּ, אז עס זאָל מיר קיין זאך נישט אויספעלן. און דערפאַר האָב איך זי ליב. איך פאַרהאלט זיך צו איר נישט נאָר ווי צו א שוועסטער, נאָר ווי צו א פריינד, פאר וועמען איך קאָן עפענען דאָס האַרץ.

אין מיינע ליידיקגייערישע טעג זיץ איך נישט כסדר אין שטוב. איך פאָר אַרום אין שטאָט, איך גיי צו לאנדסלייט, און עס געפעלט מיר זייער דער „דאון־טאון". ווען איך גיי אויף דער לאָסאַל־גאַס, דאַכט זיך מיר, אַז איך גיי צווישן הויכע, שטיינערנע פעלדזן... מיר געפעלן זייער די טעאַטערס. מער פון אלץ בין איך צופרידן, וואָס איך קאָן זיך ארייגגיין אין א ביר־שענק און פאר פינף סענט באַקומען א גלאָז ביר, מיט א צוגאָב עפּעס אַן עס צו טאָן.

די וואָך פון ליידיקגיין איז אריבער. היינט איז מאָנטיק, איך פאָר צו דער ארבעט. ס'איז ביי מיר נישט קיין צווייפל, אז איך וועל זיך היינט שטעלן ארבעטן. איך בין אָנגעקומען צו דער צייט, און דער באַלעבאָס מיטן נאָמען מענדל האָט מיר געוויזן, ביי וועלכער „טשער" (שטול) איך זאָל זיך שטעלן אַרבעטן. ער האָט

צו מיר גערעדט יידיש, טראָץ דעם, וואָס אַלע פיר באַרבערס האָבן צווישן זיך גערעדט ענגליש.

מענדל האָט מיר גלייך צוגעזאָגט, אַז ער וועט מיר געבן די זעלבע שכירות, וואָס ער צאָלט די אַנדערע באַרבערס. און ער האָט אַליין אויך געבעטן די אַנדערע באַרבערס, אַז זיי זאָלן מיר אַרויסהעלפן, ווען איך וועל נישט פאַרשטיין, וואָס דער קאַסטימער פאַרלאַנגט פון מיר.

איך האָב באַקומען דאָס גוטע געפיל, אַז דאָ בין איך אָנגעקומען צו אַן אָרנטלעכן מענטש, און די אַרבעט איז ביי מיר צוגעגאַנגען אָן האַרצווייטיק.

אינגיכן האָט זיך צווישן מיר און דעם באַלעבאָס אַנטוויקלט אַ נאָענטע פריינדשאַפט. מיר האָבן ביידע גערעדט יידיש. ער האָט אויך ליב געהאַט צו לייענען אַ יידיש בוך. ווען ס'האָט אָנגערוקט דער יום־טוב ראש השנה, האָט ער מיר באַצייטנס געגעבן אַ דערלויבעניש נישט צו אַרבעטן די צוויי טעג, הגם דאָס געשעפט איז געווען אָפּן. די פיר באַרבערס האָבן געוואָלט די טעג אַרבעטן, אָבער ער אַליין האָט אויך נישט געאַרבעט.

מיין באַלעבאָס האָט מיך פאַרבעטן צו זיך אין שטוב און ער האָט מיך באַקענט מיט זיין פרוי און קינדער. זיצנדיק איינמאָל אין אַן אָוונט ביי אים אין שטוב, האָט זיך מענדל צערעדט וועגן זיין צרהדיק לעבן בעת ער איז געווען אין לאָנדאָן. ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין יינגל, האָט אים אַן עלטערער ברודער גענומען צו זיך פון רוסלאַנד. ער איז די גאַנצע צייט, זייענדיק ביים ברודער, נישט געווען גליקלעך. און כאָטש ער איז דאָרט אין לאָנדאָן געגאַנגען אין דער מלוכהשער שול, דאָך האָט ער גערעדט מער יידיש. ער האָט אפילו זיינע שווערע איבערלעבונגען פאַרשריבן אויף יידיש אין אַ העפט.

מענדלס פרוי, הגם זי איז געבוירן אין אַמעריקע, רעדט אויך א גוטן יידיש. זי איז יונגערהייט געגאַנגען אין אַ יידישער פאָלקס־שול. זייערע קינדער גייען אויך אין דער יידישער שול.

יענע ווונדערלעכע צייט האָב איך לאַנג געדענקט. מיין באַלע־באָס, מענדל, האָט מיך באַהאַנדלט ווי אַ פריינד און נישט ווי אַ געדונגענעם ארבעטער. פאַר מיר האָט דאָס געמיינט גאָר אַ סך. דאָס האָט זיך אויך אָפּגערופן צום בעסערן אויף מיין פסיכישן צושטאַנד. באַאומרויקט האָט מיך נאָר דער פאַקט, וואָס איך האָב נאָך נישט דערהאַלטן קיין בריוול פון מיין פרוי. איר בריוול האָט געדאַרפט איבערגעשיקט ווערן צו מיר פון ניו־יאָרק, ווייל מיין טשיקאַגער אדרעס האָט נאָך מיין פרוי נישט דערהאַלטן. ערשט נאָך די יום־טובים האָט מיין שוויגער צו מיר צוגעשיקט דעם בריוו, וואָס זי האָט דערהאַלטן פון מיין פרוי. זי האָט געשריבן, אַז עס איז ביי אונדז געבוירן געוואָרן א זון, און אז איך בין שוין אַ טאַטע פון א זון מיט א טאָכטער. „דאָס יינגעלע איז געראָטן אין דיר" — שרייבט צו מיר מיין פרוי.

אָט די פריילעכע נייעס האָט געבראַכט צו דעם, אז איך זאָל ווען וואָס מער פאַרדינען און שפּאָרן, כדי איך זאָל קאָנען אַוועקשיקן די שיפסקאַרטן פאַר מיין קליינער פאַמיליע און אויך צוגרייטן פאַר זיי א היים. אמת, איך פאַרמאָג שוין א ביסל געלט, אָבער דאָס האָב איך דאַך צו פאַרדאַנקען מיין גוטער שוועסטער מיט איר מאַן — זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען ביי מיר א צושטייער פאַר מיין זיין ביי זיי. זיי האָבן געוואָלט, אז איך זאָל דאָס געלט אוועקלייגן פאַרן „רעגנדיקן טאָג".

אינגיכן האָט זיך אין דער שטאָט טשיקאַגאָ געשטעלט דער ווינטער. עס זענען אָנגעקומען די שניי־זאַוויערוכעס מיט די ווינטן און גליטשן. גאָר שלעכט איז מיר געוואָרן, ווען איך האָב געדאַרפט אינדערפרי זיך יאָגן, איך זאָל נישט פאַרזאמען די סטריט־קאַר, איך זאָל חלילה נישט פאַרשפּעטיקן א פינף מינוט — מעג מיין לעבן געשטעלט ווערן אין געפאַר. און דאָס אויפשטיין „צו דער צייט" איז ביי מיר געווען די גרעסטע אָפּקומעניש. זיבן אַזייגער, ווען אינדרויסן איז נאָך נאַכט, וועקט מיך שוין מיין שוועסטער, כאָטש איך בעט זיך ביי איר: „נאָך איין מינוט, נאָך איין מינוט"...

דאָס באַרבער־פאך איז אין יענער צייט נאָך נישט געווען אָר־גאניזירט. עס איז אין טשיקאַגאָ יאָ געווען אַ יוניאָן, אָבער נישט אויף „דער יידישער גאַס". די יידישע באַרבער־שעפער זענען גע־גוען קאָנקורענטן איינע צו דער אַנדערער. האָט איינער אַרויסגע־שטעלט אין פענצטער דעם פרייז פאַרן הערקאַט 25 סענט, איז דער אַנדערער געגאַנגען און פאַרקלענערט אויף 15 סענט.

לויט דעם טוישווערט פון ארבעט און קאפיטאַל זענען די באַרבערס (די אייגנטימער פון די באַרבער־שעפער אַריינגערעכנט) געווען שקלאַפן צו די קונים (קאסטימערס). די בארבערס האָבן זיי באדינט מיט אונטערטעניקייט, פאר א קלאָגעדיקן אָפּצאָל. כאָטש זיי אַליין, די קונדן־אַרבעטער און געשעפטסלייט, האָבן זיך גע־הייסן גוט באַצאָלן פאר זייער צייט. אָט דאָס האָט מיך געמאַכט פילן דערנידעריקט. פאַר א קנאַפּער שעה ארבעט זאָל דער באַ־דינטער מיר אָפּצאָלן מיט עטלעכע ניקלס, און צו דעם פארלאַנגען זיי נאָך, אז דער בארבער־שאפּ זאָל זיין אָפן פון אכט פרי ביז ניין אַזייגער אָוונט.

די באַרבערס אויף דער יידישער גאַס זענען באמת געווען פאַרקויפטע שקלאַפן צו די אָרגאניזירטע ארבעטער. איך האָב געפילט דעם דרוק, ווייל איך האָב נישט געהאט קיין צייט, אז איך זאָל קאָנען ערגעץ קומען. איך בין געווען זשעדנע נאָך א קולטור־סביבה, אָבער איך האָב נישט געהאט ווען צו גיין. דערפאר האָב איך געטראכט וועגן אויסבעסערן מיין לאַגע, ווען די ריכטיקע צייט וועט קומען. אין יענער צייט, ווען איך בין נאָך געווען אַ נייער אין לאַנד, איז דער אפּעטיט מיינער געווען גרויס. איך האָב ליב געהאט צו עסן א סך ברויט. אינדערפרי און אין אָוונט האָב איך געגעסן ביי דער שוועסטער אין שטוב, אָבער מיטאָג עסן פלעג איך אין א רעסטאָראַן, כאָטש די שוועסטער האָט מיר געוואָלט מיט־געבן דעם מאָלצייט.

נישט אין אַלע רעסטאָראַנען האָט מען געשטעלט אַ סך ברויט. איך האָב זיך דערוווּסט וועגן אַ יידישן רעסטאָראַן אויף דער

צוועלפטער גאַס. דער רעסטאָראַן האָט געהערט צו דער ייִדישער שרייבערין יענטע סערדאַצקי.

איך האָב שוין געהאַט געהערט דעם נאָמען יענטע סערדאַצקי און אפילו געלייענט אַ מעשה, וואָס זי האָט געדרוקט אין אַ צייטונג. דעריבער האָט עס מיך אַ צי געטאָן איך זאָל גיין פאַרזוכן אירן אַ מאָלצייט און טאַקע אָנקוקן אַ ייִדישע שרייבערין, ווי זי זעט אויס פון דער נאָענט.

ס'איז געווען נאָך האַלבן טאָג, ווען איך בין אַריינגעקומען אין איר רעסטאָראַן. נישט אַלע טישלעך זענען געווען באַזעצט מיט „עסערס". דערפאַר האָב איך זיך געקאָנט אויסקלויבן אַ טיש, ווו איך זאָל זיך אַוועקזעצן.

קיין סך „באַדינערס" זענען נישט געווען. איינע אַ שוואַרץ־חנעוודיקע מיט אַ פּינטל אויף איר באַק, מיט שוואַרצע אויגן, איז צוגעקומען צו מיר און געפרעגט, וואָס איך וויל היינט עסן. איך האָב איך געענטפערט : „אויב איר וועט מיר געבן אַזעלכעס, וואָס איר אַליין האָט אויך ליב, וועל איך זיין צופרידן". זי האָט זיך צע־שמייכלט און געפרעגט : „איר זענט שוין לאַנג אין טשיקאַגאָ, איך זע אייך דאָ דאָס ערשטע מאָל".

איך האָב איר אויסגעזאָגט דעם „סוד", אַז נישט נאָר אין טשי־קאַגאָ בין איך אַ „גרינער", נאָר בכלל אין אַמעריקע בין איך בלויז פינף חדשים. זי האָט זיך אומגעקערט אין קיך אַריין און פון דאָרט צוריקגעקומען מיט אַ פאַרעדיקן טעלער געקעכטס פאַר מיינעט־וועגן.

זי האָט אויף מיר געקוקט מיט אַ וואַרעמען בליק, נאָר איך האָב מער נישט גערעדט צו איר, איך האָב מורא געהאַט : זי קאָן מיך נאָך באַשרייבן אין די „גאַזעטן"... שרייבער טוען דאָך אַזוי... און מיט אַ שרייבערין דאַרף מען וויסן וואָס צו רעדן. אויסזאָגן איר, אַז איך חלום צו ווערן אַ שרייבער — האָב איך זיך געשעמט. אָבער צוליב מיינע לאַנגע האָר אויפן קאָפּ און מיינע ברילן האָט

זי מיך יאָ „פאַרדעכטיקט" און פאַר מיין אַוועקגיין ·זאָגט זי צו מיר:

„אויב איר ווילט, קאָן איך אייך באַקענען מיט אַ יידישן שריי־בער. איר זעט יענעם מאן ביים טישל, ער איז אַ שרייבער. זיין נאָמען איז מאָריס זיסקינד". איך האָב זיך פאַררויטלט און שטילער־הייט געזאָגט אַ דאַנק. איך בין גיך אוועק צו מיין אַרבעט. אָבער אויף צומאָרגנס בין איך ווידער געקומען עסן אין יענעם סעדאַצ־קיס רעסטאָראַן. זי האָט מיך יעדן טאָג אויפגענומען מיט אַ שמייכל, מיט אַ גוט וואָרט: „איר זענט אַ שטילער יונגערמאַן" — האָט זי געזאָגט.

צוליב מיין אריינגיין אין דאָזיקן רעסטאָראַן, האָב איך געקריגן אַ ביסל מער מוט צו קוקן אויף שרייבער... דאָך האָב איך זיך נאָך אַלץ געשעמט זיך צו באַקענען מיט אַ שרייבער, ווייל וואָס האָב איך געהאט צו רעדן מיט אים? וועגן מיינע „ווערק", וואָס איך האָב נאָך נישט געשריבן?... בעסער וועל איך דאָס אָפּלייגן. אפשר וועל איך אויך דאָ ווערן אַ שרייבער, ווער ווייסט? אין אַמעריקע איז דאָך אַלץ מעגלעך!

דינסטיק איז געווען מיין פרייער טאָג. איך בין נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט. עס איז געווען אַ קאַלטער טאָג, עס האָט געשנייט און איך בין געבליבן אין שטוב. איך האָב זיך פאַרמאַכט אין מיין שלאָף־חדר, און זיך אַוועקגעזעצט אָנשרייבן אַן ארטיקל, שילדערן די שווערע אַרבעט־באַדינגונגען פונעם יידישן באַרבער אין טשי־קאגאָ.

עס איז אַרויסגעקומען אַ לאַנגער ארטיקל. נאָכן איבערלייענען אים, האָב איך געהאט דאָס פאַרגעפיל, אז „עס טויג נישט". איך האָב זיך ווידער געזעצט שרייבן. שפעט ביינאַכט האָב איך שוין געהאַט אָנגעשריבן אַ צווייט אַרטיקל. דאָסמאָל בין איך געווען צופרידן.

ווען איך בין מיטוואָך אינדערפרי געפאָרן צו דער ארבעט, האָב איך געטראַכט, אז מיטאָג־צייט וועל איך אַריינגיין אין דער רע־

דאַקציע פון „קוריער" (אויף האַלסטעד־גאַס) און פרעגן, צי קאָנען זיי דאָס אַרטיקל דרוקן.

מיטאָג־צייט בין איך אַוועק עסן און שפּעטער געלאָזט זיך גיין צו דער רעדאַקציע מיט מיין אַרטיקל אין קעשענע.

איך בין אריין מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ. אַ מאַן מיט אַ שוואַרץ בערדל און דיקע ברילן האָט ביי מיר צוגענומען דאָס אַרטיקל. ער האָט אַריינגעקוקט אין די באַשריבענע בלעטלעך, צוגעשמייכלט און לסוף האָט ער מיך געהייסן קומען מאָרגן, וועט ער מיר זאָגן „יאָ, צי ניין".

איך האָב זיך קוים דערוואַרט אויפן מאָרגנדיקן טאָג. צוועלף אַ זייגער בין איך נישט געגאַנגען גלייך אין רעסטאָראַן, נאָר פריער אין רעדאַקציע. עס האָט מיך דאָרט באַגעגנט דער „נעכטיקער" ייד און ער האָט מיר אָנגעזאָגט די גוטע בשורה, אַז מאָרגן, פרייטיק אינדערפרי, וועל איך שוין קאָנען לייענען אין „קוריער" מיין אַרטיקל וועגן די באַרבערס...

מיין האַרץ האָט גענומען שטאַרק קלאַפּן. דאָס איז שוין געווען פאַר מיינעטוועגן אַ ביסל א צו שטאַרקע איבערלעבונג. איך האָב פאַרלאָזט די רעדאַקציע מיט אַ שווערן אָטעם, אַרויסגעקומען אין דרויסן און אַליין נישט געוווּסט,וווּהין איך זאָל פריער גיין. צו יענטע סערדאַצקי עסן? — אפשר זאָל איך דאָס מאָל אינגאַנצן נישט עסן? עפּעס בין איך דאָך נישט הונגעריק... איך האָב גראָד געוואָלט באַגעגענען עמיצן, מיט וועמען איך זאָל קאָנען טיילן מיין פרייד. אָבער אַזעלכער איז מיר נישט אַנטקעגנגעקומען.

גייענדיק אויפן וועג, בין איך אַריין אין אַ שענק אויסטרונקען אַ גלאָז ביר. דערביי האָב איך שוין עפּעס פאַרזוכט פונעם בופעט, אויף וועלכן ס'זענען געווען אויסגעשטעלט אַלערליי פּאַטראַוועס. דערנאָך בין איך געגאַנגען צו מיין אַרבעט. איך האָב זיך געהיטן פאַר מיין באַלעבאָס מענדל, איך רוף דאָך די אַרבעטער זיי זאָלן זיך אָרגאַניזירן.

דער האַלבער טאָג האָט זיך געצויגן ווי פעך. איך האָב כסדר געטראַכט וועגן מיין ארטיקל, וואָס וועט מאָרגן זיין אָפּגעדרוקט און טויזנטער מענטשן וועלן אים לייענען. דאָס וועט דאָך זיין מיין ערשטע „ליטעראַרישע פרוכט״. איצט וועל איך זיך שוין פילן אַ ביסל פרייער, ווען איך וועל אריינקומען צו יענטע סערדאַצקי אין רעסטאָראַן. איך וועל שוין נישט קיין מורא האָבן זי זאָל מיך באַקענען מיט אַ שרייבער. אָבער דער עיקר איז דאָך ביי מיר, אַז די באַרבערס זאָלן לייענען דאָס אַרטיקל. שלעכט וועט פאַר מיר זיין, אויב מענדל וועט דאָס אַרטיקל אַרונטעררייסן. און אויב ער וועט זיך דערוויסן, אַז איך בין דער שרייבער? ווער קאָן וויסן, וואָס ער קאָן טאָן? דעם „דזשאָב״ וויל איך דאָך נישט פאַרלירן. ניין, איך וועל זיך נישט אַרויסגעבן.

ענדלעך איז געוואָרן נאַכט און איך האָב יעדע פאַר מינוט געקוקט אויפן זייגער, שוין געוואָלט פאָרן אַ היים אָנזאָגן די בשורה מיין שוועסטער מיט איר מאַן. כ׳האָב דאָך פריער נישט דערציילט וועגן מיין אַרטיקל.

עס איז שוין פרייטיק אינדערפרי, און איך פאָר צו דער אַרבעט מיט געמישטע געפילן: אָט וועל איך באַלד קויפן אַ צייטונג און לייענען מיין ערשט אַרטיקל. אָבער איך שרעק זיך פאַר מענדלען, מיין באַלעבאָס...

אַכט אַ זייגער איז שוין דער באַרבער־שאָפּ אָפן און די פיר באַרבערס שטייען ביי זייער ארבעט. אָבער מענדל שטייט נעבן ציגאַר־קאַסטן, די יידישע צייטונג („קוריער״) איז פאַר אים אויסגעשפרייט און ער לייענט מיין אַרטיקל. איך דערקען דאָס, ווייל ער לייענט די לעצטע זייט. איך שטעל זיך צו מיין אַרבעט. אויף יעדער באַרבער־שטול זיצט אַ מענטש און לאָזט זיך באַדינען.

מענדל האָט פאַרענדיקט דאָס לייענען. איך דערקען אויף זיין פנים, אַז ער איז שטאַרק צופרידן. און אָט זאָגט ער ארויס זיין מיינונג: „באָיעס! (חברה) כ׳האָב איצט געלייענט אַן ארטיקל וועגן אונדז, באַרבערס... איר מעגט אַלע דאָס לייענען!״

יעדער איז נייגעריק, מען בעט אים איבערלייענען, אַז אַלע זאָלן הערן. מענדל לאָזט זיך נישט בעטן. ער לייענט איבער עט־לעכע פּאַראַגראַפן. דאָס איבעריקע — זאָגט ער — זאָלן זיי אַליין לייענען. ער פאַרענדיקט מיט די ווערטער: „אַזאַ אַרטיקל האָט געקאָנט אָנשרייבן נאָר אַ באַרבער".

דער קונד, וואָס זיצט אויף מיין באַרבער־שטול, מיט אַ האַלבן קאָפּ האָר שוין אָפּגעשוירן, רופט זיך אָן: „מענדל, מאַך זיך נישט נאַריש. צווישן אייך, באַרבערס, איז נישטאָ קיין שרייבער"... און ער צעלאַכט זיך מיט אַ סאַרקאַסטיש געלעכטערל.

מענדלען פאַרדריסט עס שטאַרק. די איבעריקע באַרבערס מורמלען אויך קעגן אים, נאָר איך שווייג.

מענדל קאָן עס נישט פאַרשווייגן, און ער גיט יענעם אַ בייזן ענטפער: „פאַרוואָס ביסטו עס אַזוי זיכער? דיינע שניידערס זענען געבילדעטער פון די באַרבערס? איך מיין, אַז דאָס אַרטיקל האָט אַ שניידער אָדער אַ שוסטער נישט אָנגעשריבן. און דו, גרויסער געלערנטער, כאָטש דו ביסט אַ „שאַפּ־טשערמען" פון דיין יוניאָן, דאַרפסטו זיך נישט האַלטן גרויס און חוזק מאַכן פון די באַר־בערס!".

די צוהערער פון דער דיסקוסיע זענען אויף מענדלס זייט.

דער „יוניאָן־דעלעגאַט", וואָס זיצט אויף מיין שטול גיט זיך נישט אונטער. ער האַלט זיך ביי זיין מיינונג, אַז די באַרבערס זע־נען צוריקגעשטאַנענע און אפילו נישט אָרגאַניזירט אין קיין יוניאָן.

מענדל שטייט אַן אויפגערעגטער און הילפלאָזער. ער האָט דאָך נישט קיין באַווייז, אַז דאָס אַרטיקל האָט אָנגעשריבן אַ באַר־בער. ביי דעם פּונקט בין איך שוין אויך אַרויסגעקומען מיט לשון. איך האָב צו דעם „יוניאָן־דעלעגאַט" געזאָגט:

„דו אַליין האָסט אונדז איצט באַוויזן, אַז דו ביסט אַ סך נאַ־רישער און אומוויסנדיקער פון די באַרבערס. דו לייקנסט אָפּ, אַז אַ באַרבער האָט געקאָנט אָנשרייבן דאָס אַרטיקל — צי האָסטו באַווייזן פאַר דעם?".

„זעסטו — זאָג איך צו אים — און קוק שוין אויף מענדלען — איך קאָן יאָ באַווייזן, אַז דאָס אַרטיקל, וואָס מענדל האָט געלייענט, האָט אָנגעשריבן א באַרבער".

דאָס איז געווען אַ באָמבע מיט א קנאַל... מענדל שטעלט אויף מיר אָן זיינע שוואַרצע אויגן, גלייך ווי ער בעט זיך ביי מיר: „באַוויז, באַוויז!" — ערשט דאַן לאָז איך זיך צוגיין צו מיין ווינ־טער־מאַנטל, און איך שלעפּ אַרויס פון טאַש טאַקע די ערשטע קאָפּיע פון מיין אַרטיקל און מיין רוסישן פּאַספּאָרט. אַלע זענע גע־ווען נייגעריק, און איך דערקלער: „מיין נאָמען איז דער שרייבער פונעם אַרטיקל — משה ווייסמאַן. איך לאָז זיך רופן מאָריס, ווייל אַזוי האָט מיר מיין שוואָגער דעם נאָמען געגעבן, ווען איך בין געקומען קיין טשיקאַגאָ. און אָט איז מיין פּאַספּאָרט, מיינע בריוו, צו באַשטעטיקן אז מיין נאָמען איז דער, וואָס איז אונטערגעשריבן אין צייטונג. און אויב דאָס איז פאר אייך נאָך נישט גענוג, טאָ טעלעפאָנירט אין רעדאקציע און פרעגט, צי בין איך דאָרט נעכטן געווען"...

פאר מענדלען איז דאָס געווען גענוג. ער האָט מיר געדריקט די האַנט, און שטאַרק געלויבט. צו דעם „יוניאָן־דעלעגאַט" האָט מענדל אַ זאָג געטאָן:

„הער זיך צו, דו ווויל־געלערנטער „יוניאָן־דעלעגאַט", דו וועסט מיר טאָן א גרויסע טובה, אז וועסט מער צו מיר נישט אַריינקומען! איך וויל דאָ נישט האָבן אזעלכע געלערנטע ווי דו ביסט... „ענד, געראַרי היר!" (דאָס מיינט: פּאַשאָל וואָן).

*

נו, גאָט צו דאַנקען, דעם שאַרפן ווינטער אין דער שטאָט שוין איבערגעקומען. עס דערנענטערט זיך שוין דער יידישער פּסח. די שוועסטער מיינע איז גליקלעך, וואָס זי וועט מיך האָבן ביי איר טיש צו די סדרים. אָבער זי ווינטשט מיר, אַז דעם קו־מענדיקן פּסח זאָל איך מיט מיין פרוי אוןביידע קינדער זיצן ביי

מיין אייגענעם טיש. איך בין אָבער נאָך נישט זיכער, צי איך וועל נאָך לאַנג פאַרבלייבן אין דער שטאָט. איך גיי אַרום מיט אַ געפיל, אז איך בין דאָ אויף אַ ווייל. עס געפעלט מיר נישט דאָס, וואָס איך בין פאַרנומען אזעלכע לאַנגע שעהן ביי מיין אַרבעט. נישטאָ קיין צייט פאר אנדערע גייסטיקע אקטיוויטעטן, הגם דאָ אין שטאָט זענען פאראן אזעלכע אינסטיטוציעס, צו וועלכע איך וואָלט געוואָלט געהערן.

אמת, עס האָט זיך צו מיר געווענדט די „אינטערנעשאָנעל באַרבער־יוניאָן", אַז איך זאָל ווערן זייערס אַן אָנגעשטעלטער און אָרגאַניזירן די יידישע באַרבערס. איך וואָלט דאַן געהאַט מער צייט פאר זיך, אויסער דער ארבעט. אָבער, איך האָב בעסער געקענט מיינע „מעגלעכקייטן", — מיטן אָנשרייבן די פיר אַרטיקלען (איין אַרטיקל אין „קוריער" און דריי אין סאָציאַליסטישן וואָכנבלאַט „יידישע אַרבעטער וועלט") האָב איך נאָך נישט באַקומען די פעי־קייט צו ווערן אַן אָרגאַניזאַטאָר...

מיך, דעם „גרינעם" ייד, האָט מער אינטערעסירט דאָס יידישע כלל־לעבן אין שטאָט. מיר האָט ווי געטאָן די שעדלעכע פּאָליטיק, וואָס קלייזל־יידן פירן אין דער עפנטלעכקייט אַלס „אַמעריקאנער יידן". וואָלט איך שוין געווען א ביסל מער באַהאַוונט אין דער היגער פּאָליטיק, וואָלט איך מיין פאַרדרוס אַרויסגעזאָגט אין דער פרעסע. ספּעציעל נאָך אזא מין „פּאַמפלעטל", וואָס איך האָב איבערגע־לייענט. דאָס „בלעטל" איז ביי מיר נאָך אַלץ פאראן. איך וועל עס דאָ ציטירן, און זאָל עס אַריין אין אַרכיוו פון „אידישע פּאָליטישענס אין טשיקאַגאָ":

אן אויפרוף צום יידישן פאָלק:

„מיר אַלע, מענער און פרויען, ספּעשעל מיר יידן, גייען דינסטיק, דעם 6־טן אַפּריל 1914, שטימען פאַר וויליאַם הייל טאָמפּסאָן און די איבעריקע אויפן רעפּובליקאַנישן טיקעט. הערט זיך נישט צו צו די אָפּגעקויפטע לייטע, וואָס טרייען אייך איינצורעדן מיט אַלע ליגנס, און

טרייען אייך צו פאַרקויפן און פּעדלען אַרום מיט אייער וואוטס. דערפאַר דאַרף דער יידישער עולם שטימען דעם 6־טן אַפּריל פאַר דעם ערלעכן מאַן, וואָס ווייס נישט פון קיין רשעות. ווייל מיסטער טאָמפּסאָן איז געווען פּרעזי־דענט פון די אילינוי־אַטלעטיק־קלוב, איז אין זיין צייט אַריינגעקומען הונדערט מיט פופציק יידישע מיטגלידער און זיי האָבן געלעבט ווי ברידער.

איצט, ברידער און שוועסטער, קאָנט איר שוין פאַרשטיין, וואָס זייערע געוויסע עדות איז ווערט אויף דעם, וואָס זיי האָבן געשריבן, אָדער וועלן נאָך שרייבן אויף אונדזער קאַנדידאַט מר. הייל טאָמפּסאָן. און דאָ קאָנט איר אַליין זען, וויפל יידישע מיטגלידער זענען אַריינגעקומען אין דער טשיקאַגער אַטלעטיק־קלוב, ווייל מיסטער הייל טאָמפּסאָן איז געווען דער פּרעזידענט פון קלוב.

די אָ „לייטע" זענען עס געווען די אַמאָליקע „פּאַרטרע־טער" פונעם שיקאַגער יידנטום (ווי זיי אַליין האָבן זיך אַרויסגעשטעלט). אָבער וואָס האָבן די „אמתע אַמעריקאַ־נער" אויף דעם געזאָגט? אין די ענגלישע צייטונגען האָבן זיי געליאַרעמט אַז „מ'טאָר נישט שטימען פאַר טאָמפּ־סאָנען, ווייל דער סיטי־האָל איז געוואָרן אַ דזשואיזש סינאַגאָגע!".

*

איך האָב נישט קיין נחת פון מיין פּערזענלעך לעבן. איך בין שטאַרק באַזאָרגט, וואָס איך דערהאַלט נישט קיין בריוו פון מיין פרוי. איך ווייס נישט ווי זי האַלט מיט די הכנות צו דער רייזע. די בילעטן האָט זי שוין דאָרט באַקומען, אָבער זי האָט שוין אַ פּאָר מאָל געענדערט דעם טערמין פון אַרויספאָרן. זי האָט מיר אפילו געגעבן אָנצוהערן, אַז זי וויל נאָך וואַרטן, ביז דאָס קלענערע קינד וועט עלטער ווערן מיט אַ פּאָר חדשים (ווי, ווי, וואָס פון דעם וואַרטן איז שפּעטער אַרויסגעקומען)...

ווען דאָס קינד איז שוין עלטער געוואָרן און מיין פרוי האָט שוין געמאַכט אַלע צוגרייטונגען און בלויז געווארט, אַז דער אַגענט זאָל איר הייסן פון דער היים אַרויספאָרן, איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה... איר לעצט בריוול איז שוין צו מיר נישט דערגאַנגען...

איצט ווייסט שוין די גאַנצע וועלט, אַז אַ סערב האָט דער־הרגעט אַן עסטרייכישן פּרינץ און דערפאַר איז אויסגעבראָכן אַ מלחמה, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט גאַנץ אייראָפּע. דאָס דונערן פון די האַרמאַטן האָט מען שוין באַלד דערהערט דאָ, אין אַמעריקע: געוויסע פאַבריקאַנטן האָבן ארייננבאַקומען באשטעלונגען פון „דאָרט”, אויסצושמידן פאַרשידענע קריגס־כלים און זיי אַריבער־שיקן אויף די שלאַכטפעלדער.

כדי אויסצופירן די דאָזיקע „באַשטעלונגען”, האָבן די פאַב־ריקאַנטן זיך געניטיקט אין אַ סך הענט. מ׳האָט פאַרשפּרייט די נייעס, אז אין דער און יענער פאַבריק דאַרף מען ארבעטער, אז מען וועט זיי צאָלן 5 דאָלאר פאר אַ טאָג ארבעט... אין דער דע־מאָלטיקער צייט איז עס געווען אַן אומגעהייערע סומע געלט. דער־פאַר האָבן זיך געמאָלדן הונדערטער אַרבעטער. מען האָט גענומען נישט־קוואַליפיצירטע ארבעטער אויך. קיין ליידיקגייענדיקע אַר־בעטער האָבן דעמאָלט נישט געפעלט. אָבער באַלד האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז די פוילישע ארבעטער האָבן פאַרכאפּט א סך פּלעצער און זיי האָבן „באַשלאָסן”, אז קיין יידישע אַרבעטער אין די פאַב־ריקן וועלן זיי נישט אַריינלאָזן.

אויף דער יידישער גאַס איז געוואָרן אַ מהומה. וואָס מיינט דאָס? איז עס א נייער „קראָמיע יעוורעיעוו”?... אָבער די שטאָט טשיקאַגאָ איז דאָך אַן אמעריקאנער שטאָט, נישט קיין פוילישע און די יידן ווייסן, אַז זיי געפינען זיך אין אַמעריקע, נישט אין וואַרשע. דאָ גייען זיי ארום נישט מיט קיין געבויגענע רוקנס, ניין! — האָט זיך צונויפגעזאַמלט א גרויסע מאַסע יידישע ארבעטער צווישן זיי האָט זיך שוין ארייננבאקומען א ביסל יידישע „פייטערס”

— און מען איז געגאַנגען שטורמען די טויערן פון די פאבריקן, ווו מען לאָזט נישט צו קיין יידישע ארבעטער.

דער „געפעכט״ (נישט מיט קיין הארמאטן) האָט לאנג נישט אָנגעהאַלטן: די פּאָלאקן האָבן זיך צוריקגעצויגן פון „שלאַכט־פעלד״ מיט צעבלוטיקע נעז, מיט אונטערגעהאקטע אויגן און די יידישע אַרבעטער זענען געוואָרן גלייכע מחותנים צו די 5 דאָלאַר פאר אַן ארבעטס־טאָג.

פאַראַן אַ ווערטל: „אַז מען קאָן נישט ווי מען וויל, מוז מען וועלן ווי מען קאָן״. דער לעבעדיקער מענטש טאָר נישט צומאַכן זיינע אויגן, גלייך ווי ער זעט מער נישט אָן דאָס ארומיקע לעבן. מיטן זאָרגן טאָג און נאַכט ווערט זיך די לאגע נישט איבעראַנדערשן. דער מענטש דאַרף קאָנען זיך צופּאַסן צו דער לאַגע. אויך איך האָב דאָס געמוזט טאָן.

אין מענדלס „שאפּ״ האָב איך זיך שוין אויפגעהערט צו פילן אַלס „גרינער״. איך האָב נאָך נישט געהאט אויסגעלערנט די ענג־לישע שפּראַך, אָבער איך האָב פאַרשטאנען וואָס מען רעדט צו מיר. איך האָב זיך שוין פאַרגינען אַריינצוגיין אין אַן ענגליש־רעדנדיקן טעאַטער, ווען איך בין געווען פריי פון מיין אַרבעט. איך האָב זיך שוין געפילט היימיש אין דער שטאָטישער ביבליאָ־טעק אָדער אין דעם מוזיי. אַזוי בין איך יעדן דינסטיק, מיין פרייען טאָג, געגאנגען ערגעץ אויף אַ נייעם פּלאַץ.

איך האָב שוין געהאַט עטלעכע נייע פריינד, וועלכע האָבן מיך געבעטן איך זאָל צו זיי קומען אין אַ זונטיק אויף דער נאַכט, ווען איך ווער פריי פון מיין ארבעט (זונטיק האָט מען געאַרבעט ביז 5 פאַרנאַכט).

אין אַ זונטיקדיקן פרימאָרגן איז אין מענדלס באַרבער־שאפּ אַריינגעקומען זיינער א גוטער פריינד, און מענדל האָט מיך מיט אים באַקענט. מיר זענען אינגיכן געוואָרן גוטע פריינד. זיין נאָמען איז געווען לייזער בערקאָוויטש. ער איז געווען א יידישער זייגער־מאַכער. איך זאָג אַ יידישער, ווייל ער האָט נישט געאַרבעט אום

שבת. ער האָט געפּירט אַ יידישע שטוב און געליינט אַ יידישע צייטונג.

איינמאָל האָט ער מיך באַגעגנט אויף דער צוועלפטער גאַס. ער האָט מיך שטאַרק געבעטן, אַז איך זאָל דעם קומענדיקן זונטיק פּאַרנאַכט, טאַקע גלייך פון דער ארבעט, קומען צו אים אין שטוב און זיין זיין גאַסט צו דער וועטשערע. איך האָב אים נישט אָפּגע־זאָגט.

ביי בערקאָוויטשן אין שטוב האָב איך זיך געפילט היימיש. דאָס איז געווען אַן אמתע יידישע שטוב. זיין פרוי איז אויך געווען א גוטע יידישע טאָכטער. זיי האָבן פאַרמאָגט צוויי טייערע קינ־דערלעך, א מיידעלע מיט א יינגעלע. זיין מיידעלע האָט מיך דער־מאָנט אין מיין טעכטערל ראָזעלע. קוקנדיק אויף איר ליב פּנימל מיט די בלויע אייגעלעך, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דאָס איז טאַקע מיין ראָזעלע, פון וועלכער איך האָב שוין לאַנג נישט גע־הערט.

איך בין געקומען צו זיי מיט א פאַרשפּעטיקונג, ווייל פון דער ארבעט האָב איך געדאַרפט פריער פאָרן א היים, כדי מיין שוועס־טער זאָל זיך נישט באַאומרויקן.

ס׳איז שוין געווען זיבן אַ זייגער, ווען מ׳האָט זיך געזעצט צום טיש עסן וועטשערע. מ׳האָט זיך נישט געאיילט. פרוי בערקאָוויטש האָט א חוץ צוגרייטן גוטע מאכלים אויך געקאָנט אונטערהאַלטן ביים טיש. זי האָט געהאלטן אירע קינדער דיסציפּלינירט.

נאָכן עסן דערציילן זיי מיר, אַז אַ ביסל שפּעטער וועלן אָנ־קומען נאָך אַ טייל פון זייערע פריינד. היינט איז ביי זיי אַ שמחהלע, מען וועט פייערן זייער צען־יאָריקע חתונה...

די שטוב איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א זאַל, ווו מען פראַוועט א חתונה. עס זענען געקומען אַנדערהאלבן צענדליק פּאָרלעך, אַלע יונגטלעכע מענטשן. מען האָט אויסגעשטעלט טישן מיט אָנגעצונ־דענע ליכט, מיט וויין און אלערליי נאַשערייען. די שטוב איז אָנ־געפילט געוואָרן מיט פרייד, מיט גוטע ווינטשעוואַניעס און ברכות.

ווען די ליכט אין די זילבערנע לייכטער האָבן זיך שוין האַלב אויסגעברענט, האָבן לייזערס פריינד אים געבעטן, אז ער זאָל פאר זיי „עפּעס פאָרלייענען" פון בוך. לייזער האָט זיך נישט געלאָזט בעטן. ער האָט ליב געהאט צו לייענען שלום־עליכמען. ער האָט געלייענט „ווען איך בין ראָטשילד".

דער עולם האָט שטאַרק הנאה געהאט פון זיין לייענען. מ'האָט פארלאנגט נאָך, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט, אָבער ער האָט זיי באַרויקט, — וואַרט, האָט ער געזאָגט — איך וועל אייך פאָרשטעלן אַ צווייטן פאָרלייענער — און ער ווייזט זיי אָן אויף מיר...

איך האָב געפילט, ווי מיינע האָר אויפן קאָפּ שטעלן זיך דיבאָם. איך האָב נאָך אין אַמעריקע קיינמאָל נישט פאָרגעלייענט.

אָבער דער עולם האָט שטאַרק פארלאַנגט. איך האָב זיך באַרויקט און אליין צוגעגאַנגען צו לייזערס ביכער־שענקל. איך האָב פון דאָרט אַרויסגענומען א בוך פון י. מ. ווייסנבערג און פאָרגעלייענט „דור הולך ודור בא"...

ווען איך האָב פאַרענדיקט לייענען, האָט דער עולם לאַנג געפּאַטשט מיט די הענט. לייזער האָט געזאָגט: ווען ווייסנבערג וואָלט דאָ געווען איז דיך געהערט לייענען, וואָלט ער דיר אויך באַדאַנקט.

איך בין פון דער וואַרעמער שטוב אַרויסגעגאנגען שפּעט ביי־נאַכט און מיטגענומען דאָס געפיל, אז דאָס יידישע לעבן פון דער אַלטער היים וועט אין נייעם לאַנד נישט פאַרגעסן ווערן.

*

ס'איז שוין דאָס יאָר 1915. אין אייראָפּע האָט די מלחמה שוין חרוב געמאַכט אַ סך שטעט מיט מענטשן און פון מיינע אייגענע — פון מיין פרוי און מיינע עלטערן — פון זיי הער איך גאָרנישט. אויפן האַרצן ווערט אַלץ אומעטיקער. אָבער די האָפענונג, אַז איך וועל נאָך הערן פון זיי, האָב איך נישט אויפגעגעבן.

אין די יידישע צייטונגען, ספּעציעל אין דער רעדאַקציע פון דער „יידישער אַרבעטער וועלט", ווו איך בין געוואָרן אַן אָפּטער

אַריינגייער, אין דער שעה ווען איך בין געגאַנגען עסן מיטאָג — האָב איך זיך דערוווּסט, אַז עס וועט איגיכן פֿאָרקומען די 15־טע קאָנווענשן פֿון אַרבעטער־רינג. דורך די צוויי יאָר, וואָס איך בין אין אַמעריקע, איז מיר נאָך נישט אויסגעקומען צו זען אזא צוזאַמענפֿאָר. איך בין געוואָרן נייגעריק צו זיין אויף איינער פֿון די זיצונגען. דער איינציקער טאָג, וואָס איך האָב געקאָנט דאָרט זיין, איז געווען דינסטיק. דאָס איז געווען דער צווייטער אָדער דריטער טאָג זינט די דעלעגאַטן זענען זיך צוזאַמענגעקומען. איך בין נישט געווען ביי דער דערעפֿענונג.

איך בין אריין אין זאַל אינמיטן אַ זיצונג. דעלעגאַטן האָבן זיך פֿאַרשריבן צום „וואָרט". דער גאַנצער ענין איז מיר נאָך נישט געווען קלאָר. אָבער ווען ד"ר חיים זשיטלאָווסקי האָט זיך געשטעלט אויף דער טריבונע רעדן, בין איך געווען שטאַרק צופרידן, וואָס איך קאָן אים הערן. אזא רעדנער האָב איך נאָך ביז דאַן נישט געהערט אין אמעריקע. ער האָט מיט זיין אָראַטאָרישער קראַפט באַווירקט די קאָנווענשן, אַז זי זאָל שטיצן זיין פּראָגראַם וועגן אַ מאָדערנער יידישער שול. עס איז אָנגעגאַנגען א הייסער ווערטער־קאמף, אָבער געוווּנען האָט דער אָראטאָר זשיטלאָווסקי.

איך וויל דאָ פֿאַרשרייבן אַ טשיקאַווען פֿאַקט: בעת איך בין געזעסן אין זאַל און זיך צוגעהערט צו די רעדנער, האָב איך דערזען מיינעם אַ באַקאַנטן שרייבער פֿון „דער יידישער אַרבעטער וועלט". ער איז געזעסן ביים קאָרעספּאָנדענטן־טיש. איך בין צו אים צוגעגאַנגען, האָט ער אויסגענוצט מיין אָנוועזנהייט און מיך געזעצט אויף זיין אָרט, איך זאָל פֿאַרשרייבן אַלץ, וואָס מען דאַרף, אין זיין העפֿט. ער אַליין וויל זיך אַרויסכאַפּן טרינקען אַ קאַווע. איך האָב טאַקע אריינגעשריבן א פּאָר וויכטיקע פּונקטן פֿון אַ רעדע, וואָס איינער האָט געהאַלטן. קומענדיקע וואָך איז דער גאַנצער פֿארשריבענער פּראָטאָקאָל פֿון דער קאָנווענשן געווען אָפּגעדרוקט אין ציימונג; מיינע צוגעשריבענע אַריינגערעכנט. פֿאַר מיר איז דאָס דאַן געווען א זאך פֿון „גרויסער וויכטיקייט".

*

ווי זאָגט דאָס ווערטל: — „פון גליק ביז אומגליק איז א שפּאַן" — טאָמער האָב איך געמיינט, אַז איך בין שוין מיט מיין „דזשאב" געזיכערט, איז דאָס געווען בלויז מיין אייגענע איינרעדעניש. נישטאָ אזא זאַך ווי „זיכער".

און אפשר, — וואָלט מיין באַלעבאָס מענדל נישט געוואָרן פּלוצלינג אַזוי קראנק, אז ער זאָל מוזן א לענגערע צייט אוועק פון געשעפט, און מענדלס עלטערער ברודער זאָל פאַרנעמען זיין אָרט — וואָלט נישט געקומען צו דעם צוזאַמענשטויס צווישן מיר מיט אים, אז איך זאָל זיין געצווונגען צו פאַרלאָזן דעם פּלאַץ. קיין אנדערע ברירה איז מיר נישט געבליבן, און קיין צווייטע שטעלע איז נישט געווען צו געפינען.

מיין שוועסטער מיט איר גוטן מאַן האָבן זיך צוליב מיר שטאַרק מצער געווען. איך בין יעדן טאָג געגאנגען זיך נאָכפרעגן וועגן אַרבעט און דווקא צווישן יידן. אָבער די צייט איז געווען אַ שווערע אויך פאַר באַרבערס.

איז מיין שוואָגער בעראַך אַרויסגעקומען מיט אַ „פּלאַן" — ער וועט מיר לייען די סומע, וואָס וועט מיר צופעלן, אויף צו קויפן אַ באַרבער־שאַפּ. מיין שוועסטער איז דער געדאַנק געפעלן, ווייל זי האָט מורא געהאט, אַז איך זאָל נישט אַוועקפאָרן פון טשיקאַגאָ.

האָב איך גענומען נאָכזוכן אין די אַנאָנסן פון דער ענגלישער צייטונג, ווער עס וויל פאַרקויפן א באַרבער־שאַפּ. איך האָב געפונען איין אַדרעס און טאַקע נישט ווייט פון מיין שוועסטערס וווינונג, אויף נאָרד־עווועניו. איך בין געגאַנגען אָנקוקן דעם פּלאַץ. דער פאַרקויפער האָט גערעדט צו מיר, גלייך ער וואָלט נאָר־וואָס אַרויסגעקומען פון שפּיטאָל. ער האָט מיר דערציילט די מעשה, אַז ער איז געצוווּנגען דעם פּלאַץ צו פאַרקויפן. די צוויי הונדערט דאָלאַר, וואָס ער בעט פאַר דעם, איז א מציאה. איך בין אַוועק פון אים מיטן צוזאָג, אַז איך וועל זיך באַטראַכטן. מיין געדאַנק איז

געווען, אַז שבת וועל איך אַרומגיין פונדערוויטנס, און אָפּשאַצן וויפל „ביזנעס" (געשעפט) ער מאַכט אין דעם פּלאַץ. איך האָב געמיינט, אַז איך בין דער חכם, צום סוף איז ער גאָר געווען דער קלוגער. ער איז טאַקע דעם שבתדיקן טאָג געווען שטאַרק פאַר־נומען: „קאסטימערס" זענען אריין און אַרויס. אָבער, וויי וויי, ווי ער האָט מיר „אָנגעטאָן דאָס מיצל"...

דער פאַרקויפער איז גאָרנישט געווען קראַנק. און די „קאס־טימערס" זענען געווען „געמאַכטע". ער, דער הויכער, דיקער דייטש, האָט טעלעפאָנירט צו אַלע זיינע באַקאַנטע דייטשן, אַז זיי זאָלן צו אים קומען אויף שבת זיך אָפּשערן אָן געלט...

איך האָב זיך מיט דער מציאה געהאַלטן פיר וואָכן, און נישט פאַרדינט קיין פינף דאָלאַר אַ וואָך. ענדלעך האָב איך די אַלע זאַכן פאַרקויפט אין ברוך פאַר 75 דאָלאַר...

איצט בין איך שוין ווידער אַרבעטסלאָז. איך בין שוין מיד פון אַרומגיין פרעגן. איך קום צו מיין שוועסטער און שוואָגער מיט מיין פּלאַן צו פאַרלאָזן די שטאָט טשיקאַגאָ. ניין, איך וועל נישט פאָרן קיין ניו־יאָרק, זאָג איך צו זיי, איך וועל אָנשרייבן אַ בריוול צו אונדזערע פעטערס אין וואַטעבורע קאָננעקטיקוט, אויב זיי וועלן מיך הייסן קומען, וועל איך צו זיי פאָרן און דאָרט מאַכן אַ באַרבער־שאָפּ פאַר זיך. מיין פּלאַן איז זיי ביידע געפעלן געוואָרן. זאָל זיין וואטעבורע אַבי צווישן אייגענע. אגב, האָט מיין שוועס־טער אויך געהאַט אַ שטאַרקע ליבע פאַר אונדזערע ביידע פעטערס, וועלכע וווינען אין וואַטעבורע שוין אַ לענגערע צייט.

איך בין געווען זיכער, אַז דאָרט, אין אַ קלענער שטעטל, וועט מיר זיין גרינגער צו מאַכן פאר זיך אַ געשעפט.

איך האָב אַזאַ בריוול אַוועקגעשיקט קיין וואַטעבורע. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט, און מיינע פעטערס האָבן צו מיר געשריבן: „קום שוין צופאָרן, מיר וועלן זען, אַז דו זאָלסט זיך ביי אונדז איינאָרדענען זעלבשטענדיק".

מײַן שוועסטער רבקה האָט זיך אײַ געפרייט און אײַ פֿאַרגאָסן אַ טרער... איך בין ביי איר אָפּגעווען צוויי יאָר און זי האָט זיך שוין צוגעוווינט צום געדאַנק, אַז איך וועל ווען עס איז בויען מײַן היים אין טשיקאַגאָ.

איך האָב איבערגעוואַרט די יום־טובים און גלייך נאָך סוכות האָט מײַן שוועסטער מיר געהאָלפֿן זיך צוגרייטן צו דער רייזע קיין וואַטעבורע קאָננעקטיקוט.

## קאַפּיטל דריי

איך פאַרלאָז טשיקאַגאָ. מיין שוועסטער מיט איר מאַן באַגלייטן מיך אַרויס פון זייער וואַרעמער שטוב מיט פיל זאָרג אויף זייערע פּנימער. איך בין ביי זיי אָפּגעוועזן צוויי יאָר און זיי האָבן מיך אָפּגעהיט מיט דער געטריישאַפט פון טאַטע־מאַמע. מיין שוועסטער האָט נאָך געדענקט, ווי די מאַמע אונדזערע פלעגט מיך קעכלען. איך בין דאָך געווען איר מיזיניק.

קוקנדיק אויף מיין שוועסטער איז מיר אויך געוואָרן שווער אויף מיין האַרצן. איך האָב שטאַרק געוואָלט זיי זאָגן אַ פּאָר גוטע ווערטער פון דאנקבארקייט. אָבער מיין האַלדז איז געווען פאַרשטאָפּט, און כ׳האָב גאָרנישט געקאָנט אַרויסברענגען. מיין שוואָגער האָט אָפּגעשטעלט אַ טעקסי, און מיר האָבן אַלע דריי זיך אַריינגעזעצט. מיין שוועסטער איז געזעסן ווי אַ שטומע און מיין שוואָגער האָט אויך שטאַרק באַדויערט מיין אַוועקפאָרן. מיר זענען צוגעקומען פונקט אין דער צייט, ווען די באַן איז שוין געשטאַנען גרייט. מענטשן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין די וואַגאָנען אַריין. איך האָב אַרויפגעטראָגן מיינע צוויי לייכטע רענצלעך און דערנאָך זיך געשטעלט אין פענצטער פאָכען מיט דער האַנט. אָבער מיין שוועסטער האָט מיך נישט געזען. זי האָט געהאַלטן אַ ווייס טיכעלע אין האַנט און דערמיט פארשטעלט אירע אויגן, זי האָט געוויינט.

דאָסמאָל האָט די רייזע ביז ניו־יאָרק נישט לאַנג געדויערט. די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט אין ניו־דזשערסי, און דערנאָך האָט מען זיך אַריינגעזעצט אין „באסעס״, וועלכע האָבן די פּאַסאַזשירן אוועקגעפירט קיין ניו־יאָרק.

איך בין גלייך צוגעפאָרן צו מיין שוויגער. איך האָב איר גע־וואָלט צוטיילן דאָס פאַרגעניגן, אַז זי זאָל קאָנען זאָגן: — „דו זעסט שוין, אז איך בין געווען גערעכט”. אָבער מער ווי די פאַר ווערטער האָט זי מיר נישט באַוויזן צו זאָגן, ווייל אין אַ פאָר שעה שפעטער בין איך שוין אוועק צום „גרענד סענטראַל סטיישן” אַוועקצופאָרן קיין וואַטעבורע־קאָננעקטיקוט.

זעקס פאַרנאַכט בין איך אריין אין צוג, וואָס האָט מיך גע־פירט קיין וואטעבורע.

אין צוויי שעה ארום בין איך שוין אָנגעקומען אויפן וואָקזאַל, ווו מיינע צוויי פעטערס האָבן מיך באַגעגנט. זיי האָבן מיך אויפ־גענומען מיט האַרציקער פרייד. זיי האָבן מיך גענומען אין זייער „קאַר”, און מיין פעטער נאָטע, דער עלטערער, האָט זיך געזעצט ביים רעדל.

מיר זענען צוגעפאָרן צו א גרויסער שטוב. מיין פעטער נאָטע איז געווען דער עלטערער, האָט ער מיך צוערשט געפירט צו זיך אין שטוב.

די מומע פראַדל, אַ שוואַר־וואָגיקע, מיט א גוטמוטיק, שיין פנים, האָט מיך אַרומגענומען, צוגעפרעסט אויף מיין באַק א מוטערלעכן קוש און אַ זאָג געטאָן: „מיט ליב אונדזער גאַסט”. באַלד בין איך באַפאַלן געוואָרן פון אלע פיר קינדער: דריי מיידלעך און איין יינגל. זיי האָבן מיר, ווי קעצעלעך אויסגעקושט דאָס פנים. איך בין שטיין געבליבן אין קרענצל און געקוקט ווי אַלע פרייען זיך מיט מיר. איך בין דאָך פאַר זיי נישט געווען קיין פרעמדער. איך האָב זיי אַלע אַרומגעטראָגן אויף מיינע הענט ביי זיי אין שטוב, און ווען זייער פאָטער נאָטע איז אַוועק קיין אמעריקע, זענען די קינדער אָפט געקומען צו מיינע עלטערן אין שטוב מיט זייער מוטער פראַדל. קיין אמעריקע האָט זיי זייער פאָטער אַריבערגענומען ערשט אינגאַנצן מיט צוויי יאָר פריער, איידער איך בין אַהערגעקומען.

נאָך דער גרויסער פרייד ביים פעטער נאָטע אין שטוב, בין איך אריינגעגאנגען צו מיין פעטער לייבל אין שטוב אַריין, אויך אינעם

זעלבן הויז. אָבער די מומע ליובע איז מיר נישט געווען אַזוי נאָענט ווי די מומע פראַדל. איך זע זי איצט דאָס ערשטע מאָל. אויך די קינדער, — צוויי יינגלעך, מעני און איזי, — קוקן אויף מיר ווי אויף אַ פרעמדן. האָט טאַקע דאָ געפעלט די וואַרעמקייט, וואָס איך האָב געפילט ביים פעטער נאָטע אין שטוב. אָבער דאָס האָט לאַנג נישט געדויערט, מען איז אַלע אריינגעגאנגען צום פעטער נאָטע און געזעצט זיך עסן א פאַרשפעטיקטע וועטשערע.

אָבער דאָס עסן איז געווען אַ בייזאַך. דער עיקר האָט מען גערעדט, גאָר א סך גערעדט. מיין פעטער נאָטעס קינדער האָבן מיך באַוואָרפן מיט פראַגן. זיי האָבן געוואָלט וויסן פון אַלץ און פון אַלעמען, וועגן דעם שטעטל, וווּ זיי זענען געבוירן געוואָרן. זיי האָבן געדענקט אַ סך מענטשן, אָנגערופן זיי אפילו ביי זייערע נעמען. די מיידלעך האָבן זיך נאָכגעפרעגט וועגן זייערע חברטעס, שכנים; דאָס יינגל, אברהם (אייבי), האָט געוואָלט וויסן, צי זיין אַמאָליקער רבי, ר׳ שמחה מיטן קאָזע־בערדל, לעבט נאָך.

אַזוי איז מען אָפּגעזעסן ביז איך דער שפּעטער נאַכט, ביז די מומע פראַדל האָט גענומען טרייבן די קינדער אויף זייערע געלעגערס: — „מאָרגן איז דאָך „סקול־טיים", — האָט די מומע פראַדל א רעד געטאָן איר ענגליש.

צומאָרגנס אינדערפרי, נאָכן איבערבייס (ברעקפעסט), איז געוואָרן א געיעג. די קינדער זענען געלאָפן אין שול אריין, די פעטערס האָבן זיך געאיילט צו דער ארבעט. און איך בין געבליבן מיט ביידע מומעס אין ביידע שטיבער...

אַזוי בין איך געגאַנגען פון איין שטוב אין דער צווייטער, אַ ביסל גערעדט דאָ, א ביסל דאָרט, ביז זיי האָבן זיך ביידע געכאַפּט, אַז ס׳איז שוין צייט צוצוגרייטן מיטאָג, די הונגעריקע וועלן דאָך באַלד אַלע קומען צו לויפן!

איך האָב אויסגענוצט די געלעגנהייט און אוועק אינדרויסן באַקוקן די שטאָט. איך בין געגאַנגען צום צענטער שטאָט, וואָס מען רופט „דאון־טאון". קיין איבערראַשנדיקס איז דאָרט נישט

געווען צו זען. די געשעפטן זענען אומעטום די זעלביקע. אָבער דאָס גרינע גערטל און די שיינע ביבליאָטעק האָבן צוגעצויגן מיין בליק. דערנאָך האָב איך זיך פּאַרקוקט אויף די אַרומיקע בערג, און האָב אַ טראַכט געטאָן צו בעטן די פּעטערס מיינע, אז זיי זאָלן מיט מיר דאָרט אַרומפּאָרן.

די ערשטע וואָך איז אַוועק מיט א סך פאַרגעניגן. די משפּחה האָט זיך באַמיט, אז איך זאָל זיך פילן היימיש און באַקוועם. זיי האָבן מיך באַקענט מיט מענטשן פון דער שטאָט און מיט דער שטאָט גופא. זיי האָבן אָבער מיט מיר גאָרנישט גערעדט וועגן גע־שעפט (ביזנעס). מיר האָט עס אויסגעזען, אַז זיי האַלטן פאר וויכ־טיקער מיט מיר צו רעדן וועגן דער יידישער שול (האַלב טעמפּל), וועגן חדר, וועגן פיינעם רב (ראַביי), וואָס די שטאָט פאַרמאָגט און אפילו וועגן די גרויסע פאַבריקן, אין וועלכע עס זענען באַשעפ־טיקט אַ סך יידישע ארבעטער. די צוויי גרעסטע פאַבריקן זענען געווען די זייגער־פאַבריק (קלאָק שאפּ), און די „סקאוולס פאַבריק״, אין וועלכער מען האָט שוין דאַן פאבריצירט פארשידענע מלחמה־מאַטעריאלן פאר אייראָפּע, ווו עס האָט געפלאַקערט די גרויסע מלחמה.

אין די דאָזיקע פאַבריקן האָט מען באַשעפטיקט אַ סך ניי־גע־קומענע רוסישע און פּוילישע אַרבעטער. אָט די דאָזיקע מענטשן האָבן זיך דאָ געפילט פאַרלוירענע צווישן די אַנדערע נאַציאָנאַלי־טעטן. יענע, וואָס האָבן זיך גרופּירט אויף די גאַסן, ווו עס וווינען יידן איז געווען לייכטער. מיט יידן האָבן זיי געקאָנט רעדן זייערע שפּראַכן.

ענדלעך האָבן מיינע צוויי פעטערס מיר אָנגעזאָגט די גוטע בשורה: „קום, משה, וועסטו זיך באַקענען מיט דער געגנט און מיט דעם פּלאַץ (סטאָר), וואָס מיר האָבן פּאַרדיינעטוועגן באַ־שטעלט, און דו וועסט קאָנען פאַרדינען צום לעבן״. זיי האָבן מיך אַוועקגעפירט אויף נאָרד־מיין־סטריט, און מיר אָנגעוויזן די קליינע „סטאָרקע״, אין וועלכער איך וועל איינאָרדענען פאַר זיך דעם

באַרבער־שאַפּ. אַ וואַרעם געפיל האָט מיך אַרומגענומען, אויסהערנ־דיק מיינע פעטערס. איך האָב געטראַכט, אַז דאָס, וואָס זיי טוען פאַר מיר, איז נישט נאָר ווי א חוב צו אן אייגענעם פון דער משפּחה, עס איז מער ווי דאָס. אין זייערע הערצער האָט זיך פאַר־וואָרצלט די ליבשאַפט צו זייער עלטערער שוועסטער, מיין מאַמע, און במילא איז עס איבערגעגאַנגען צו אירע קינדער. פון מיין קינדהייט אָן געדענק איך, ווי מיינע ביידע פעטערס פלעגן זיך האַלטן נאָענט צו מיין מאַמען, וואָס האָט געהאַט א גרויסן איינ־פלוס אויף זיי. זיי פלעגן ביי אונדז זיין גאַנץ אָפט און מיין מאַמע האָט זיך צו זיי באַצויגן ווי צו אירע אייגענע זין. ווען מיר האָבן שוין געוווינט אין בריסק, און אירע ברידער, שוין דערוואַקסענע בחורים, זענען געקומען אַהין זוכן ארבעט — האָט די מאַמע פאַר זיי געקאָכט און נאָך אוועקגעטראָגן דאָס עסן צו די פלעצער, ווו זיי האָבן געארבעט, אָפטמאָל גאַנץ ווייט פון אונדזער שטוב.

זיי ביידע זענען געווען גוטע סטאָליארעס. מיט אָט דער מלאכה אין האַנט האָבן זיי אויפגעבויט זייערע לעבנס און נאָכדעם חתונה געהאַט. זיי זענען געפאָרן קיין אַמעריקע, זיך באַזעצט אין וואָטעבורע און דאָרט געבויט הייזער אויף צו פאַרקויפן זיי פאַר־טיקע.

קיין גרויסע גבירים זענען זיי נישט געוואָרן. אין יענער צייט האָט אַ געשעפטסמאַן נישט פאַרדינט אַזויפיל ווי היינט. אָבער זיי האָבן זיך איינגעאָרדנט מיט א פיינער פּרנסה. איצט טוען זיי דאָס גוטע פאַר מיינעטוועגן — זיי זענען גרייט מיר צו העלפן, אז איך זאָל זיך קאָנען שטעלן אויף די פיס.

איבערגעבנדיק מיר אין האַנט דאָס שליסעלע פון דער „סטאָרקע", פאַר וועלכער זיי האָבן אָפּגעצאָלט פאַר צוויי חדשים רענט, האָבן די פעטערס מיר צוגעווונטשן, אַז איך זאָל דאָ מצליח זיין. מיט אַ וואָך שפּעטער איז מיין פעטער נאָטע געפאָרן מיט מיר קיין ניו־יאָרק איינקויפן די נייטיקע „זאַכן" פאַר א בארבער־שאַפּ, — דערווייל געניצטע זאַכן... ווען דאָס אלץ איז אָנגעקומען קיין

וואַטעבורע, האָבן מיינע פעטערס די אַלע מעבל־שטיקער אויפ־געשטעלט אויפן ריכטיקן פּלאַץ, און איך בין שוין געווען גרייט אַרויסצושטעלן די באַרבער־שילד „אָפּן פאַר ביזנעס״.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און עס זענען געקומען קליענטן. מערסטנס זענען געקומען „פרעמדע״, דאָס האָט דעמאָלט גע־מיינט, ביי די אמתע אַמעריקאַנער, „עמיגראַנטן״. אָבער איך בין פון די פרעמדע געווען צופרידן. איך האָב צו זיי גערעדט זייערע שפּראַכן: רוסיש און פּויליש. דערפאַר זענען זיי געקומען. איינער האָט געשיקט דעם אַנדערן. אין צוויי חדשים אַרום האָב איך שוין געדאַרפט צושטעלן נאָך צוויי באַרבער־שטולן, און איך האָב אָנ־געשטעלט נאָך אַרבעטער. מיין באַרבער־שאַפּ איז געוואָרן אַן אינ־טערנאַציאָנאַלער: עס האָבן ביי מיר געאַרבעט א רוס, אַ פּאָליאַק, אַן איטאַליענער. איך אליין האָב מיט זיך פאַרגעשטעלט מיין יידיש פאָלק, הגם קיין סך יידישע קליענטן זענען נישט געקומען.

מיינע הכנסות זענען געשטיגן פון וואָך צו וואָך. און מיין פרומע מומע פראַדל פלעגט מיך וואָרענען: „גיב זיך נישט קיין עין־הרע״... דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן בין איך געוואָרן אַ „שותף״ צו א באַנק: איך האָב דאָרט איבערגעגעבן יעדע וואָך מיינע אָפּגעשפּאָרטע דאָלאַרן.

אַ דאַנק מיינע פעטערס בין איך פריי געוואָרן פון דאגות־פרנסה. אָבער עפּעס האָט מיר נאָך געפעלט, און דעם „עפּעס״ האָבן מיינע פעטערס אויך מיר געוואָלט פאַרזאָרגן. זיי האָבן שפּאַ־סיק (זיי האָבן שוין געוווּסט „ווער איך בין״) מיר פאָרגעשלאָגן, אַז איך זאָל מיט זיי געהערן צו דער שול און ווערן אַ „ייד״...

וואַטעבורע האָט שוין דעמאָלט אויך פאַרמאָגט אַ יידיש קול־טור־לעבן. דאָרט איז שוין געווען אַן אָפּטייל פונעם אַרבעטער־רינג, א סאָציאַליסטיש ווינקל, אַ פאָלקס־שול. איך האָב געהערט, אַז מען גרייט זיך צו עפענען אַן „אומפּאַרטייאישע קולטור־געזעל־שאַפט״. צו דער געזעלשאַפט בין איך צוגעשטאַנען.

די ניי־געגרינדעטע קולטור־געזעלשאַפט האָט שנעל פאַרגרע־סערט איר מיטגלידערשאַפט. עס האָבן זיך צו איר אָנגעשלאָסן מענער און פרויען, אפילו יוגנט. מען איז זיך צוזאַמענגעקומען יעדן פרייטיק ביינאַכט. אַמאָל אַלע צוויי וואָכן. מען האָט זיך פאַראינטע־רעסירט מיט יידישער קולטור. מען האָט געלייענט און אויסגע־שריבן ביכער צום פאַרקויפן. איבערן ווינטער האָט מען דורכגע־פירט פינף לעקציעס: מען האָט איינגעלאַדן שרייבער פון ניו־יאָרק.

אַלס דעם ערשטן לעקטאָר האָט מען איינגעלאַדן דעם דאַן באַרימטן געלערנטן, — ד״ר חיים זשיטלאָווסקי.

ווען זשיטלאָווסקי האָט געדאַרפט אָנקומען פון ניו־יאָרק, בין איך געגאַנגען צום וואָקזאַל אים באַגעגענען. ווען ער איז אַרונטער פון באַן, האָב איך אים באגעגנט מיט אַ שלום־עליכם און איך בין מיט אים געגאַנגען צופוס אין שטאָט אַריין (דאָס איז געווען נישט וויט). איך בין מיט אים אַריין אין אַ קאפעטעריע טרינקען קאַווע (עסן האָט ער נישט געוואָלט). טרינקענדיק די קאַווע, האָב איך אים דערמאָנט די טשיקאַגער קאָנווענשן, אים געזאָגט, אז איך בין דאָרט אויך געווען אַלס צוהערער און איך האָב אים דערמאָנט זיין רעדע. ער איז דערפון געווען שטאַרק צופרידן.

איך בין געגאַנגען מיט אים צו אַ חבר אין שטוב אַריין, ער זאָל שוין דאָרט פאַרבלייבן ביז נאָך וועטשערע, און דערנאָך מיט אים קומען צו דער לעקציע.

דער צווייטער לעקטאָר, וועמען איך האָב באַגעגנט ביי זיין אָנקומען קיין וואַטעבורע, איז געווען דער פאַרשטאָרבענער ברוך וולאַדעק.

וולאַדעקן האָב איך שוין געקענט פון פריער. דאָס איז געווען אין 1906, ווען איך בין געווען אין בריסק. מען האָט זיך דאַן גע־ריכט אויף אַ פּאָגראָם. אויף דער פּאָליציי האָט מען זיך נישט גע־קאָנט פאַרלאָזן און מען האָט זיך דערפאַר אליין צוגעגרייט. דער „בונד״ האָט אָרגאניזירט אַ זעלבשוץ און וולאַדעק איז געקומען

מיט איר אָנפירן. מיר האָבן געוווּסט, אַז מען רופט אים „דער יונ־גער לאַסאַל".

ווען וולאַדעק איז אָנגעקומען אויפן וואַטעבורער וואָקזאַל, בין איך געגאַנגען מיט אים אין שטאָט אַריין און איבערן וועג האָב איך אים דערמאָנט יענע היסטאָרישע פאַרזאַמלונגען. ער איז געווען גערירט, רעדנדיק וועגן יענער צייט. אַזוי גייענדיק מיט אים, האָב איך זיך געפילט דערוואַרעמט, כ׳בין מיט אים היימישער געוואָרן, און ווי „פאַרבייגייענדיק" אים דערציילט וועגן מיין באַגער צו שרייבן, אָבער איך שעם זיך עפּעס צוצושיקן אין רעדאַקציע.

וולאַדעק האָט מיך אָנגעקוקט, געשמייכלט און געזאָגט: „אויב איר וועט כסדר זיך שעמען, וועט איר קיינמאָל נישט זיין קיין שרייבער"...

עס זענען געקומען נאָך דריי לעקטאָרן: יהושע, אָלגין, און אַ דריטער, וועמענס נאָמען איך קאָן זיך נישט דערמאָנען.

אויף איין לעקציע בין איך געווען דער פּאָרזיצער. גראָד נישט פון די בעסטע פּאָרזיצערס, אָבער איך בין געווען נישט אין דער פרעמד...

איך דערמאָן זיך וועגן א פּאַסירונג פון יענער צייט, וועלכע האָט איבערגעלאָזט אויף מיר אַ לאנגדויערנדיקן איינדרוק: מיין יונגער קוזין אברהם (אייבי), דעם פעטער נאָטעס זונעלע, האָט דאַן שוין געהערט צו אַ יידישער ספּאָרט־גרופּע מיטן נאָמען: „ווייעם־הייטש־איי". ער איז געווען א גוטער בעסקעט־באָל־שפּילער. די דאָזיקע ספּאָרט־שפּיל איז געווען פּאָפּולער אין שטאָט. די יידישע גרופּע האָט זיך געדאַרפט באַגעגענען מיט דער קריסטלעכער „ווייעם־סי־איי" אין אַ פּאַרמעסט. דאָס איז געווען די נייעס פון טאָג אין וואַטעבורע. נישט בלויז די יוגנט האָט זיך געגרייט צו דעם פּאַרמעסט, נאָר אויך די עלטערע, די פּארערער זייערע.

מיין קוזין אייבעלע איז געגאַנגען אין לעבן, אז איך זאָל זיין דערביי און זען ווי ער שפּילט אין בעסקעט־באָל. ער האָט מיך

אפילו באַזאָרגט מיט אַ בילעט, אַבי איך זאָל נישט האָבן קיין תירוץ פאַר נישט קומען.

די שפּיל איז פאָרגעקומען אין אַ שבת אָוונט. איך האָב זיך פון מיין געשעפט באַפרייט אַ ביסל פריער און געגאַנגען זען ווי מען וואַרפט די גומענע פּילקע אין אַ קערבל־אַרייַן. מיין זיץ־אָרט איז געווען נישט ווייט פון דער „אַרענע״, און איך האָב געקאָנט פון דער נאָענט אָבסערווירן דעם גאַנג פון דער שפּיל.

ווען דער שפּיל־פּלאַץ איז שוין געווען באַזעצט פון הונדערטער מענער און פרויען, האָבן פון אַ הינטער־טיר אַריינגעיאָגט צוויי באַזונדערע גרופּן יונגוואַרג. די יידישע גרופּע האָט אירע העמדלעך געהאַט באַצייכנט מיטן מגן־דוד.

איך בין געזעסן צווישן גויים. זיי האָבן זיך געהיצט, געפייפט, אַרויסגערופן די נעמען פון זייערע „וויי־עם־סי־איי״. אין אַ באַזונ־דער ווינקל, וווּ עס זענען געזעסן די יידישע יוגנטלעכע, האָט מען אויסגערופן די נעמען פון דער יידישער גרופּע, די „וויי־עם־הייטש־איי״. אויף דעם האָבן מיינע שכנים געענטפערט מיט אַ שפּאָט־געלעכטער. אָבער דאַן האָט איינער מיט אַ פייפל אין מויל גערופן צו אָרדענונג. עס האָט זיך אָנגעהויבן די שפּיל: מען האָט אָנגעהויבן וואַרפן די גרויסע פּילקע אין דעם קויש אָן אַ דנאָ.

די „געזעצן״ פון דער דאָזיקער שפּיל זענען מיר נישט באַקאַנט געווען. אָבער איך האָב זיך פאַרלאָזט אויף מיינע שכנים: ווען זיי האָבן היציק געשריגן און געקלאַפּט מיט די הענט, האָב איך פאַר־שטאַנען, אז זייערע האָבן געוווּנען. ווען זיי האָבן אָבער נישט גע־קלאַפּט מיט די הענט, נאָר „געבוקעט״, האָב איך שוין געוווּסט אַז מיינע יידישע קינדער מאַכן בעסער. און טאַקע אינגיכן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די חברה מיטן מגן־דוד פאַרלויפן דעם וועג און טרעפן אין ציל פיל מאָל מער ווי דער אַנדערער צד.

דאָס האָט אַרויסגערופן בייז בלוט ביי מיינע שכנים און אויך ביי אַ פּאָר פון די שפּילער. האָט אָבער באַלד פּאַסירט אַן אַקט, וואָס לויט דעם אַמעריקאַנער „שולחן ערוך״ פון ערלעך שפּילן

(פעייר־פליי) האָט עס נישט געטאָרט געשען: איינער פון די שפּי־לער האָט גורם געווען, אַז דער בעסטער „לויפער" מיטן מגן־דוד זאָל אינמיטן לויפן אומפאַלן...

דאָס איז געווען אַ מיאוסער אַקט. די יידישע שפּילער, אויך נישט קיין שיפע־זיבעלעך, האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף יענעם חברה־מאַן און עס איז געוואָרן א גרויס געשלעג... אָבער מיינע שכנים, צווישן זיי עלטערע און אויך פרויען, האָבן אויפגעהויבן אַ געשריי: „קיל די דזשו!"... „קיל די דזשו!"... ס'איז געווען אַ גליק, וואָס די ניכטערע פון די באַטייליקטע האָבן זיך אריינגע־מישט און אפשר נאָך מער דערפאַר, ווייל עס זענען דאָרט געווען עטלעכע יידישע שטאַרקע (פייטערס) — איז דאָס געשלעג אָפּגע־שטעלט געוואָרן... אָבער געווונען האָבן די מיטן מגן־דוד...

איך בין אַוועק פון דאָרטן אַ צעבראָכענער. מיין ערשטע דער־פאַרונג אויפן אַמעריקאנער „שפּיל־פּלאַץ" איז געווען פאַר מיר א טרויעריקע. אַ לאַנגע צייט האָבן ביי מיר אין די אויערן אָפּגע־קלונגען די געשרייען „קיל די דזשו!" (שלאָג די יידן). איך בין מער נישט געגאַנגען צו די דאָזיקע „ספּאָרט־שפּילן".

*

עס איז שוין דאָס יאָר 1917. אַמעריקע רופט אירע בירגער צו פאַרשרייבן זיך אין מיליטער. דאָס לאַנד אמעריקע איז שוין אויך אַריין אין מלחמה.

די התחייבות צום לאַנד פילט יעדער. און די יידן אוודאי און אוודאי. אַ סך אַזעלכע ווי איך האָבן איבערגעלאָזט זייערע פאַמיליעס „דאָרט" אין אייראָפּע. געמיינט אלץ, אז אָט־אָט וועט מען זיי האָבן נעבן זיך. איצט, אז די מלחמה האָט זיך שוין אויסגעשפּרייט אי־בער אַלע שטעט און שטעטלעך, פאַרשטייט מען שוין ווי גרויס ס'איז די געפאַר דאָרט. דעריבער איילט זיך יעדער צו זיין גרייט, ווען נאָר דאָס אַדאָפּטירטע לאנד וועט רופן צום דינסט. איך מעלד זיך אויך און גיי שוין אַרום מיט אַ „נומער אין קעשענע". איך וואַרט מען זאָל מיך רופן.

אָבער דאָס האַרץ איז אומרויִק. אין קאָפּ קומען שווערע געדאַנקען, סיי בייטאָג און צוממערסטן ביינאַכט אין שלאָף.

איינמאָל, פּרייטיקצונאַכטס, האָט זיך מיר געחלומט אַ שרעקלעכער חלום. איך בין פאַרטראָגן געוואָרן ערגעץ אויף יענער זייט ים, איך טאָפּטשע אויף אַ זאַמדיקן וועג, איך זע נישט קיין מענטשן, נאָר איך גיי און גיי, ביז איך קום צו צו אַזאַ מין פּאַלאַטע. איך האָב מורא אַריינצוגיין, ווייל איך הער קינדער וויינען... פּלוצלינג קומט פון דאָרט אַרויס אַן אַלטינקער מאַן, ער נעמט מיך פאַר דער האַנט און ער פירט מיך אַריין. אינעווייניק דערזע איך אַ מוראדיק בילד: די גאַנצע לענג איז אָנגעשטעלט מיט אייזערנע בעטלעך און אויף די בעטלעך ליגן פרויען מיט קינדער. די קינדער וויינען, אַז עס צערייסט דאָס האַרץ. איך לאָז מיך גיין צווישן די רייען בעטלעך, און איך זוך, הגם איך ווייס נישט וועמען איך זוך. אָבער אָט שטעל איך זיך אָפּ נעבן איין בעטל — און איך דערקען מיין פרוי מיט ביידע קינדער. די קינדער קלאַמערן זיך אין זייער מאַמען און זיי וויינען. איך בייג זיך צו צו זיי, אָבער זיי האָבן מורא פאַר מיר. איך בעט זיך ביי מיין פרוי: „שיינדל, שיינדל, דאָס בין איך, משה, דיין מאַן! דו דערקענסט מיך נישט?"...

שיינדל קוקט מיך אָן אַ ווײַלע, זי באַהאַלט איר קאָפּ צווישן ביידע קינדער און צעוויינט זיך אויך...

איך פיל ווי מיין האַרץ ווערט צעריסן קוקנדיק, ווי אויסגעמאָגערט מיין קליין ראָזעלע זעט אויס. זי דאַרף דאָך שוין אַלט זיין 6 יאָר, און זי זעט אויס ווי פון דריי, און דאָס יינגעלע, מיין זונעלע, וועמען איך דערזע דאָ צום ערשטן מאָל, איז אַזוי קליין, אַזוי פאַרוויינט, אַז איך צעוויין זיך אַליין אויך אויפן קול...

מיטאַמאָל דערפיל איך אַ האַנט אויף זיך, וואָס שלעפּט מיך און טרייסלט מיך, איך עפן מיינע אויגן און דערזע מיין פעטער לייבל שטייט איבער מיר און וועקט מיך פון שלאָף. דאָס קישן איז נאַס פון מיינע טרערן. ווען מיין פעטער האָט דערהערט מיין געוויין, איז ער אַריינגעקומען מיך אויפוועקן.

איך האָב אים דערציילט מיין חלום. האָט ער געטאָן דאָס, וואָס מיין מאַמע פלעגט טאָן: פּותר חלום געווען: „זאָל נאָר זיין צום גוטן!“. מיין פעטער איז פון מיר אוועק, אָבער איך בין מער נישט איינגעשלאָפן; איך בין די גאנצע נאַכט געלעגן און געקלערט וועגן דעם מאָדנעם חלום.

חלומות פלעגן צו מיר קומען יעדע נאַכט, אָבער באַלד אינ־דערפרי האָב איך זיי שוין מער נישט געדענקט. אָבער אָט דעם חלום האָב איך נישט געקאָנט פאַרגעסן. איך האָב אים כסדר געזען פאַר מיינע אויגן. דעריבער איז ביי מיר געווען רעכט זיך איינצו־רעדן, אַז דאָס איז געווען נישט נאָר א חלום, נאָר די ריינע ווירק־לעכקייט, אז מיין פרוי געפינט זיך מיט די צוויי קינדער ערגעצוווּ, אָבער נישט אין דער היים. איך האָב זיך דורכגעשריבן מיט ניו־יאָרק, אָנגעפרעגט ביי מיין שוויגער, צי האָט זי, אָדער עמעץ אנ־דערש, נישט געהערט עפּעס פון יענער זייט ים. זי האָט מיר גע־ענטפערט, אַז זי האָט פון קיינעם גאָרנישט געהערט.

עס פאַרגייען נאָך וואָכן, חדשים, און פּלוצלינג באַקום איך אַ טעלעגראַמע פון טשיקאַגאָ: מיין שוועסטער לאָזט מיך וויסן, אַז זי האָט באַקומען אַ טעלעגראַמע פון מיין פרוי. זי געפינט זיך אין האַמבורג. איך דאַרף גלייך אַרויסשיקן געלט אויף דעם אָנגעגע־בענעם אדרעס. מיין פרויס טעלעגראַמע שיקט זי איבער צו מיר דורך פּאָסט.

דאָס געלט האָב איך גלייך צו איר אַרויסגעשיקט טעלעגראַ־פיש און איר אָנגעגעבן מיין אַדרעס פון וואַטעבורע.

איצט ווייס איך שוין, אז מיין חלום איז נישט געווען קיין „פּוסטער חלום“. איך בין געווען אומרויק. פאַר מיינע אויגן איז אויפגעגאנגען דאָס טרויעריקע בילד, וואָס איך האָב געזען אין חלום. איך האָב שוין געוואַרט אויף אירס אַ בריוו מיט אומגעדולד. ענדלעך איז דער בריוו אָנגעקומען. זי האָט מיר געשריבן, אַז שוין 8 חדשים זינט זי מיט די צוויי קינדער געפינען זיך אויף יענעם אָרט. זיי זענען שוין געווען אויף דער שיף, וואָס האָט זיי געפירט

קיין אמעריקע, אָבער פלוצלינג האָט מען די שיף אומגעקערט פון מיטן וועג צוריק קיין האַמבורג. זי שרייבט מיר, אז זי געפינט זיך אין א פּאַלאַטע, ווו מען האָט פריער געהאַלטן זעלנער. איצט וווי־נען זיי אַלע פּאסאזשירן, מערסטנס פרויען מיט קינדער אין דער דאָזיקער פּאַלאַטע. „עס איז א ביטער לעבן" — שרייבט זי, די קינדער מאַכן איר דעם טויט... אָט האָב איך שוין געקריגן דעם ענטפער אויף מיין „חלום" — עס איז געווען די ווירקלעכקייט אליין.

אין א שפּעטערדיקער צייט, ווען איך האָב שוין געוווינט אין אָנטאַריאָ — קאַליפאָרניע, — האָב איך מיין חלום באשריבן און עס צוגעשיקט צום שרייבער מאַרק טאלעראַז (ב. ריווקין). ער פלעגט זיך פאַרנעמען מיט אויפקלערן חלומות. און אָט וואָס ער האָט צוגעשריבן צו מיין חלום־שילדערונג:

„אָט דער פאָטער קאָן זיך אויסגלייכן אין וואַרעמען האַרץ־אינטערעס מיט יעדער מוטער. זיין פרוי האָט זיכער זיך כסדר אַדרעסירט אין זיינע געדאַנקען, אָבער דערגאַנגען איז עס צו אים ערשט, ווען זי האָט פון האַמבורג אַרויסגעשיקט צו אים אַ בריוו, ציענדיק דערמיט זיין ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט. דאָ האָבן מיר דעם איבערגאַנג פון געדאַנקען־לעזונג צו העלזעונג. דער אונטער־שיד איז, וואָס געדאַנקען־לעזונג דאַרף האָבן אַ מוח, וואָס זאָל די געדאנקען ארויסשיקן. אין העלזעונג באַקומט זיך דירעקט אַ סצענע, אָן דער פאַרמיטלונג פון אַ צווייטן מוח. האָט דען זיין פרוי געהאַט פאַר די אויגן די קאַזאַרמע ווי זי זעט אויס פון דרויסן? און די אומגעבונג, וואָס ער האָט געזען? עס איז געוויינלעך אַזוי: גע־דאַנקען־לעזונג גיט דעם שטויס צו העלזעונג. פונדעסטוועגן וואָלט איך געוואָלט וויסן פון די לייענער נאָך פאַקטן פון „ריינער" העל־זעונג, ווו אַ סצענע דערלאַנגט זיך און קיין מענטשלעך אויג זאָל דערביי נישט זיין"...

(דאָס איז געווען געדרוקט אין „טאָג", ווען טאלאראז פלעגט דאָרט שרייבן).

איך גיי איבער צוריק צו יענער צייט אין וואַטעבורע. איצט, אַז איך ווייס שוין ווו זיי זענען, איז דאָך שוין דאָ די האָפענונג, אַז ווען עס איז וועלן זיי צו מיר קומען. איך האָב זיך גענומען צוגרייטן. איך האָב געדונגען אַ באַקוועמע דירה; מיינעביידע מומעס האָבן זיך באַמיט איינצוקויפן אַלץ, וואָס א הויז דאַרף האָבן, כדי עס זאָל דערפון ווערן א היים.

ווען אַמעריקע האָט שוין באַהערשט דעם אַטלאַנטישן ים, האָבן די שיפן קיין אַמעריקע ווידער אָנגעהויבן קורסירן. איך האָב דערהאַלטן פון מיין פרוי אַ טעלעגראַמע שוין פון דער שיף, ווען זי קומט אָן קיין ניו־יאָרק.

אין אַן אינדערפרי בין איך אַרויסגעפאָרן באַגעגענען מיין פרוי מיט די קינדער אין עליס־איילאַנד.

מיט וועלכע געפילן איך בין אַהינגעפאָרן, בין איך נישט אימ־שטאַנד איבערצוגעבן. מען דאַרף זיין דער אמתער קינסטלער, כדי צו קאָנען זיך ווידעראַמאָל אַריינלעבן אין יענעם מאָמענט. ס׳איז דאָך נישט קיין קלייניקייט, ווען מען פאָרט באַגעגענען א פרוי מיט צוויי קינדער, פון וועלכע מען איז געווען צעשיידט כמעט פיר יאָר צייט, און נישט געוווסט צי זיי לעבן אפילו.

איך בין אָנגעקומען קיין עליס־איילאַנד אַרום האַלבן טאָג. דאָרט האָבן זיך אָפּגעשפּילט האַרצרייסנדיקע סצענעס. איך האָב דערזען מיין פרוי אַ זיצנדיקע אינעם אָפיס פאַרן אויספרעגערס טישל. נאָך מיין ערשטן בליק אויף איר, האָב איך דערפילט, ווי מען וואָלט מיך מיט עפּעס דערשלאָגן: זי האָט אויסגעזען אַקוראַט ווי איך האָב זי געזען אין מיין חלום, ווען זי האָט באַהאַלטן איר קאָפּ צווישן ביידע קינדער, אַז איך זאָל זיך נישט קאָנען גוט איינ־קוקן אין איר.

אָט זיצט זי אויף דער שטול מיט ביידע קינדער ביי דער זייט. איר אויסגעצערט פּנים צווינגט זיך צו שמייכלען צו מיר, אָבער עס גייט נישט. אירע טיף־בלויע אויגן ווערן פאַרשוועמען אין די טרערן, וואָס נעמען זיך גיסן אָן אַן אָפּהאַלט...

דער אויספרעגער איז מילד, ער רעדט צו איר „דייטש". איך רוק זיך צו און נעם איבער אויף זיך צו ענטפערן אויף די פראַגעס. מיינע אויגן עסן זיך איין אין מיין קליין טעכטערל, ראָזעלע, וואָס דאַרף שוין, לויט דער דאַטע, אַלט זיין זעקס יאָר. אָבער ווידער דאָס אייגענע: זי זעט אויס ווי פון דריי, פונקט ווי איך האָב זי געזען אין מיין חלום. דער איינציקער, וואָס זעט אויס ווי א קינד פון זיין אמתן עלטער, קנאַפּע פינף יאָר — איז מיין אומבאַקאַנטער זון אַהרעלע. ער איז געבוירן געוואָרן מיט דריי חדשים שפּעטער נאָך מיין אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע. ער זעט גוט אויס, ער פילט זיך דאָ היימיש, ער קאָמאַנדעוועט אַרום מיט אַ דין שטעקעלע, וואָס ער פירט מיט זיך אַזש פון האַמבורג.

נאָך לאַנגע אויספרעגענישן האָט מען מיר איבערגעגעבן מיין פאַמיליע, אַז איך זאָל זיי מיטנעמען מיט זיך אַהיים. איך בין מיט זיי נישט געפאָרן גלייך אַהיים קיין וואַטעבורע. איך האָב זיי גע־ברענגט צו מיין פרויס מוטער אויף הענרי־סטריט. זיי האָבן דאָרט פאַרלאַנגט, אַז איך זאָל מיין פאַמיליע איבערלאָזן אויף אַ וואָך צייט, כדי זיי זאָלן זיך אויסרוען פון ווייטן, שווערן וועג. איך בין צוריקגעפאָרן צו מיין געשעפט אין וואַטעבורע.

פון מיין געשעפט האָב איך נישט געהאַט קיין צער: עס האָט זיך געפירט אפילו ווען איך בין נישט געווען יעדן טאָג ביי דער אַרבעט. דעריבער האָב איך געהאט צייט אַלץ צוצוגרייטן אין שטוב, איידער איך פאָר ברענגען מיין משפחה.

אַ היים קאָן מען נישט מאַכן מיטאַמאָל. א היים ווערט ביס־לעכווייז פאָרמירט דורך דער צאַרטקייט פון די מענטשן, וועלכע וווינען אין איר, דורך דער כסדרדיקער זאָרג פון איינעם פאַרן צווייטן, דורך דעם ווילן צו לעבן פאַרן מאָרגן און נישט מיט דעם נעכטן. דאָס דאָזיקע האָבן מיינע מומעס נישט געקאָנט איינקויפן פאַר מיינעטוועגן אין די געשעפטן.

די היים, וועלכע איך האָב פאַר מיין פרוי צוגעגרייט, האָט

איר נישט צוריקגעגעבן דאָס געזונט, וואָס זי האָט פאַרלוירן במשך די פיר יאָר, וואָס זי איז געווען ביי די דייטשן. איר האַרץ איז שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן. די לאַסט פון דער שטוב און פון די קינדער איז פאַר איר געווען צו שווער. דער „נעכטן״ האָט זיך פון איר נישט אָפּגעטיילט מיטן קומען אַהער. די שווערע צייכנס פון דער פאַרגאַנגענער צייט האָבן זיך טיף איינגעקריצט אין איר גאַנץ וועזן. אינגיכן בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז זי דאַרף האָבן אַ ביסל מער ווי איך קאָן איר געבן, און איך האָב זי מיט די קינדער אַוועקגעפירט קיין ניו־יאָרק, אַז זי זאָל זיין מיט אירע אייגענע — מיט איר מאַמען און אירע שוועסטער. אָבער אויך דאָרט איז צו איר נישט געקומען די ישועה. זי האָט געמוזט אָנקומען אין אַ שפּיטאָל, ווו מען זאָל היילן אירע וויטיקן, וואָס האָבן זיך אָנגעלייגט אויף איר קערפּער אין משך פון די פיר יאָר. די קינדער זענען געווען באַזאָרגט מיט אַ גוטער אויפזיכט. קיין געלט האָט אויך נישט געפעלט, אַז זיי זאָלן האָבן אַלץ אין וואָס זיי נייטיקן זיך.

איך בין פאַרבליבן אין וואַטעבורע און געפאָרן יעדן זונטיק אין ניו־יאָרק. ענדלעך, איז מיין פרוי אַרויסגעקומען פון שפּיטאָל, אָבער זי האָט זיך נאָך אַלץ געניטיקט אין איר מוטערס הילף. פון נעמען זי צוריק קיין וואַטעבורע איז נאָך קיין רייד נישט געווען. איך האָב גענומען טראַכטן וועגן פאַרקויפן מיין געשעפט. אָבער דאָס נעמט אַ סך צייט.

אין יענער צייט האָט זיך גענומען פאַרשפּרייטן די נאָכמלחמה־עפּידעמיע מיטן נאָמען „אינפלוענציע״. די שטאָט וואַטעבורע איז דערפון שווער געטראָפן געוואָרן. די עפּידעמיע האָט געבושעוועט מערסטנס צווישן די אָרעמע שיכטן: רוסן, פּאָלאַקן און איטאַליע־נער, וועלכע האָבן געוווינט אין ענגע דירות צו עטלעכע פאַמיליעס אין אַ שטוב פון דריי צימערן. עס איז געווען האַרצרייסנדיק צו זען, ווי די מענטשן זענען אַוועקגעפאַלן ווי די פליגן אין די צענד־ליקער און צענדליקער. זיי האָבן אַפילו נישט געקאָנט אָנקומען צו

קיין דאָקטער, ווייל די דאָקטוירים זענען געווען פאַרנומען מיט „וויכטיקערע" לייט אין שטאָט.

דאַן האָט זיך ביי זיי פאַרשפרייט דער גלויבן, אַז כדי צו פאַרהיטן זיך פון דער קרענק, איז גוט צו שטעלן באַנקעס. די אַמעריקאַנער דאָקטוירים וויסן אפילו נישט פון דער „רפואה", אָבער יידישע שערער (באַרבערס) וויסן יאָ.

חוץ מיר איז דאָ געווען נאָך אַ יידישער שערער מיטן נאָמען סאַלאָמאָן. ער איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט צו מאַכן געלט פון אַלץ צו וואָס ער האָט נאָר געטויגט. ער האָט טאַקע געשטעלט באַנקעס די מענטשן, וואָס האָבן געהאַלטן דערפון — דאָס זענען געווען רוסן און פּאָלאַקן. איך האָב אויך געקענט די „מלאכה", אָבער קיינמאָל נישט „פּראַקטיצירט" אויף קיינעם. איך האָב בכלל נישט געוואָלט טאָן קיין אַנדערע זאַך א חוץ שערן און גאָלן. זענען אָבער צו מיר געקומען די רוסן און געבעטן, אַז איך זאָל זיי שטעלן באַנקעס. די שרעק צו זיין אין נאָענטער באַ־רירונג מיט איינעם, וואָס פילט זיך שוין „אַ ביסל קראַנק", איז געווען גרויס. איך האָב אויך נישט געוואָלט מיין לעבן שטעלן אין קאָן. האָב איך באַשלאָסן, אַז די גלייכסטע זאַך וועט זיין, אַז איך זאָל מיין געשעפט אינגאַנצן צומאַכן. פיר וואָכן האָב איך געהאַלטן דאָס געשעפט פאַרמאַכט און מיין „יידישער גענאָסע" האָט גע־מאַכט א סך געלט פון באַנקעס־שטעלן. אָבער די געליטענע האָט דאָס געהאָלפן ווי אַ „טויטן באַנקעס"...

די טויטע האָט מען באַגראָבן און די לעבעדיקע האָבן פון זיך ביסלעכווייז פאַרטריבן די שרעק. מען האָט צוריק מקבל געווען אַלץ, וואָס דאָס לעבן גיט דעם מענטש.

*

איצט איז שוין דאָס יאָר 1920. מיין פרוי שיינדל מיט ביידע קינדער זענען אין ניו יאָרק, אונטער דער אויפזיכט פון איר מו־טער. זי העלפט איר צו מיט די קינדער. איך האָב מיין געשעפט

פאַרקויפט. די „היים" איז געוואָרן אויס היים. איך פאָר צוריק קיין ניו־יאָרק, די שטאָט, וואָס איך האָב נישט ליב צו וווינען אין איר.

אין קוני־איילאַנד וווינט מיין פרויס אַ שוועסטערקינד, פאָרן מיר ביידע צו איר אויסקוקן די „ים־מדינה". מיר געפעלט די יידי־שע גאָס מורמייד־עוועניו, מיין פרוי געפעלט דער ים, באַשליסן מיר דאָ צו בויען אונדזער היים.

צו דער היים דאַרף מען אָבער אויך פּרנסה. כמעט דאָס גאַנצע ביסל געלט, וואָס איך האָב פאַרדינט אין וואַטעבורע, האָבן די דאָקטורים ביי מיר צוגענומען. פאַרן איבערגעבליבענעם ביסל מזומן פּלאַן איך צו מאַכן דאָ פאַר זיך אַ באַרבער־שאַפּ. אָבער ווען איך גיי איינמאָל פאַרביי „מורמעד" און 33־סטע גאַס, זע איך, אַז דאָ עפנט זיך אויף אַ נייער באַרבער־שאַפּ. דער אייגנ־טימער, אַ רומעניש יידל מיט אַ היפּש בייכל, דערהערט, אַז איך זוך אַ שטעלע, לייגט ער מיר פאָר, אַז איך זאָל זיך שטעלן ביי אים אַרבעטן. ער זאָגט מיר צו, אַז ער וועט מיר צאָלן דרייסיק דאָלאַר אַ וואָך. און ווען עס וועט זיך שטעלן דער סעזאָן אין קוני־איילאַנד, וועט ער מיר צאָלן 50 פּראָצענט פון יעדן דאָלאַר, נאָכדעם ווי איך וועל פאַר אים האָבן אויסגעאַרבעט די ערשטע 40 דאָלאַר. איך האָב מסכים געווען און געשטעלט זיך צו דער אַרבעט. איך האָב געדונגען אַ דירה, געקויפט ניי מעבל און מיר האָבן שוין ווידער אַ היים. די קינדער גייען אין „סקול", זיי רעדן שוין ענגליש. און מיין פרוי איז גליקלעך מיטן ים. זי איז אויך צופרידן דערמיט וואָס עס קומען צו איר אירע שוועסטער און די מאַמע.

און אָט איז שוין דער „סעזאָן" אין פולן אימפּעט. מיין רומע־נישער באַלעבאָס מאַכט גוטע געשעפטן. אָבער ער האָט נישט קיין חשק צו האַלטן דעם אָפּמאַך מיט מיר. מילא, ער וויל נישט, איז נישט. ענדע וואָך פאַרנעם איך מיין שער־געצייג און אַ גוטן טאָג! ער האָט זיך אָבער מיישב געווען און לסוף נאָכגעגעבן.

אַ צוויי וואָכן שפּעטער דאַרף ער מיר באַצאָלן מיין „איינ־

באַמע״ — אַ חוץ די דרייסיק דאָלאַר נאָך 25, לויט דעם אָפּמאַך. און דאָס געפעלט נישט דעם באַלעבאָס. ער איז געראָטן אין יענעם שענקער, וואָס האָט זיך געקלאָגט, אַז עס גייט אים אַוועק צופיל פאַרבייסעכץ... מוז ער דערפאַר פאַרמאַכן די שענק. ער האָט מיר אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט.

מיין מזל האָט מיר צוגעשפּילט: איך האָב דערזען אַ מעלדונג אַז עס איז דאָ צו דינגען אַ שטוב טאָקע אויף דער זעל־בער גאַס. איך האָב זי געדונגען און געמאַכט פאַר זיך אַ באַרבער־שאַפּ. איך האָב ביי זיך פאַרדינט צוויי מאָל אַזויפיל וויפל איך האָב געקאָנט פאַרדינען, ווען איך וואָלט נאָך געאַרבעט ביי יענעם.

מיר האָבן זיך ביסלעכווייז איינגעאָרדנט אויף דעם „אינדזל״. איך האָב זיך באַקענט מיט קולטור־מענטשן. איך האָב זיך איינגע־שאַפט אַ פיין ביבליאָטעקל מיט פאַרשידענע ביכער, פון וועלכע איך האָב אַ טייל געהאַלטן אין מיין באַרבער־שאַפּ. א חוץ לייענען, פלעגן איך אויך שפּילן שאַך מיט מיינעם א שכן. בעת איך בין איינמאָל געזעסן אינדרויסן אויפן גאַניק און געשפּילט מיטן שכן אַ שאַך־פּאַרטיע, זענען פאַרבייגעגאַנגען צוויי מענטשן און זיך אָפּגעשטעלט קוקן אויפן שאַך־ברעט. דאָס זענען געווען די צוויי באַרימטע שרייבער: משה נאַדיר און משה לייב האַלפּערין. משה לייב איז דאָ געווען אַ טעגלעכער איינגייער צו מיר, כדי צו שפּילן שאַך.

אַזוי האָט מיין לעבן זיך צוריק איינגעשטעלט. איך האָב גע־מיינט, אַז די זון וועט שוין אַזוי אייביק שיינען אין מיין פענצטער. אָבער „אייביק״ איז אַ לאַנגע, לאַנגע צייט. אַזוי לאַנג האָט די זון אין מיין פענצטער נישט געוואָלט אַריינשיינען...

דאָס איז געווען אין חודש דעצעמבער 1921; איך האָב פאַר־לאָזט די שטוב אין אָוונט, אַרום אַכט אזייגער. איך בין געגאַנגען מיט מיין הויזווירט צו אַן אדוואָקאט זיך אָפּשרייבן, אַז נאָך צוויי יאָר זאָל איך האָבן די רעכט צו וווינען אין דעם הויז פאַרן זעלבן „רענט״. פּלוצלינג ווערט מיר וואַרעם אין מויל. איך פיל דאָרט

אַ ווארעמע פליסיקייט. איך לייג צו מיין ווייס טיכעלע צום מויל — בלוט! עס שטראָמט בלוט פון מיין האַלדז... עס באַפאַלט מיך אַ טויט־שרעק... איך בעט מיין הויזווירט, אז ער זאָל מיך פירן אין שטוב אַריין און אַריינרופן מיין שכן דעם דאָקטער.

דער דאָקטער טאַפּט און זוכט דעם „צעעפנטן קוואַל”, אָבער ער קאָן נישט געפונען די עפענונג. און דאָס בלוט פליסט כסדר... רופט ער פון ניו־יאָרק אַ ספּעציאַליסט. יענער הייסט זיך באַצאָלן אַכציק דאָלאַר (!) פאַר דער טרחה. אָבער, ער קאָן גאָרנישט אויפ־טאָן. ער הייסט לייגן אייז־פּענכערס אויף מיין ברוסט. דאָס שטעלט אַ ביסל אָפּ דעם בלוט־שטורץ, אָבער דאָס בלוט פון מויל רינט אַלץ, אויפן קישן, אויפן העמד, און אין דעם גלעזערנעם שיסעלע, וואָס מיין שכן דער דאָקטער האָט אַריינגעבראכט. צומאָרגנס רופט מען נאָך אַ דאָקטער פון ניו־יאָרק. דעם דאָקטער אַלפּערן, דער הויפּט־דאָקטער פונעם אַרבעטער־רינג־סאַנאַטאָריום.

ער הייסט זיך באַצאָלן פופציק דאָלאַר פאַר דער וויזיט. ער אַרבעט אַרום מיר א שעה צייט; ער האָט אָפּגעשטעלט דעם שטראָם אָבער נישט אינגאַנצן.

א וואָך צייט בין איך כסדר געלעגן אויף דער פּלייצע, אַרומ־געלייגט מיט אייז־פּענכערס און געמיינט האָט מען, אַז — שוין, אַז דאָס איז מיין סוף.

אָבער מיין גוטע מאַמע האָט מיך „באַוואָרנט”, ווען איך בין נאָך געווען אַ קליין יינגל, אז איך זאָל אויסלעבן מיינע יאָרן ביזן טיפן עלטער: זי האָט מיך אָפט אַרומגעפירט צו די רביים: ווי נאָר זי האָט זיך דערוווסט פון אַ רבין, וואָס וועט מיר קאָנען געבן זיין ברכה, האָט זי מיך צו אים געפירט. מיטן כוח פון „זייערע ברכות” און מיין מאַמעס ציטערן איבער מיר — בין איך געבליבן לעבן...

אויף דער דריטער וואָך האָט מען מיך אַוועקגעפירט אין די קעטסקיל־בערג, אויף צו פאַרבעסערן מיין געזונט. די דאָקטוירים האָבן מיר אָבער געראטן אוועקפאָרן קיין קאַליפאָרניע. נאָר דער

קאַליפאָרניער קלימאַט וועט מיר קאָנען צוריקגעבן דאָס געזונט, וואָס איך האָב פאַרלוירן דורך די עטלעכע וואָכן.

אַזוי איז ווידער מיין נײַ־געבויטער בנין איינגעפאַלן. איך האָב ווידער אויפגעגעבן מיין היים און דאָס געשעפט. מיין פרוי מיט ביידע קינדער האָבן זיך צוריק באַזעצט אינעם זעלבן הויז, ווו די מוטער האָט דאַן געוווינט, ערגעץ אין ברוקלין. וויסנדיק, אַז זי בלייבט נישט איינזאַם, האָב איך זיך צוגעגרייט צו פאָרן אין אַ פרעמד לאַנד, ווו קיינער קען מיך נישט, און איך קען נישט קיינעם.

אָבער די רפואה איז געקומען צו דער צייט. מיין חבר מאָטל פון ניו־יאָרק איז מיך געקומען מבקר־חולה זיין. ווען ער האָט דערהערט, אז איך קלויב זיך אַוועקצופאָרן קיין קאַליפאָרניע, האָט ער מיר דערציילט, אַז דאָרט, אין לאָס־אנדזשעלעס, וווינט מיין נאָענטער חבר בישקע, פון וועלכן איך האָב נישט געהערט זינט ער איז געפאָרן קיין אַמעריקע. פון דער דאָזיקער בשורה איז מיר אויפגעגאַנגען אַ ליכט אין די אויגן. מאָטל האָט מיר צוגעזאָגט צו ברענגען בישקעס אַדרעס.

דעם צווייטן טאָג האָב איך אַוועקגעשיקט אַ בריוול צו מיין חבר בישקע.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט, און עס איז פון בישקען אָנגעקומען אַ ווארעם בריוול: „משה, זאָרג זיך נישט, פאָר אַרויס מיט א גוט געפיל. איך וועל דיך אויפנעמען ווי א חבר. שרייב מיר, ווען דו פאָרסט אַרויס פון ניו־יאָרק, און ווען דו וועסט אָנקומען קיין לאָס־אַנדזשעלעס, וועל איך דיך באַגעגענען אויפן וואָקזאַל".

נאָך אזא ענטפער האָב איך שוין נישט געהאט וואָס צו זאָרגן. איך האָב זיך צוגעגרייט, געקויפט אַ בילעט דירעקט קיין לאָס־אַנדזשעלעס; פינף טעג וועל איך קאָנען זיין ביי מיין שוועסטער אין טשיקאַגאָ.

עס איז געווען מאָנטיק נאָך האַלבן טאָג, דעם 5־טן פעברואַר 1922, ווען איך האָב זיך געזעגנט מיט מיין פרוי און קינדער. מיין

פרוי איז געווען צו שוואַך, אַז זי זאָל מיך קאָנען באַגלייטן צום וואָקזאַל. א שוועסטער אירע האָט מיך צוגעפירט צום גרענד־סענ־טראַל „סטיישן". איך בין אַריין אין וואַגאָן מיט מיינע צוויי רייזע־קעסטלעך אין די הענט. די באַן האָט מיך אוועקגעפירט צו מיין שוועסטער אין טשיקאַגאָ.

## קאַפּיטל פיר

דינסטיק אָוונט האָט מיך די באַן געבראַכט אויף דעם וואָקזאַל פון קאַלטן, פּראָסטיקן טשיקאַגאָ, וווּ מיין שוועסטער מיט איר מאַן האָבן שוין אויף מיר געוואַרט. מיין איצטיק קומען האָט ביי זיי נישט אַרויסגערופן קיין פרייד. איך בין געקומען צו זיי מיט אַ שווערער קראַנקייט און דערמיט האָב איך זיי פאַרשאַפט אַ סך צער. מיין שוועסטערס אויגן זענען געווען פאַרוויינט. זי האָט דאָך שוין גע־ווּסט, וואָס מיט מיר איז געשען. זי האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז ווען איך וואָלט געווען פאַרבליבן מיט איר אין טשיקאַגאָ, וואָלט צו דעם אומגליק נישט געקומען. מענטשן האָבן אַ טבע אַרויפצוצו־לייגן די שולד אויף „עפּעס" אָדער אויף „עמיצן", בעת עס געשעט אַן אומגליק.

מיין שוואָגער האָט אָפּגעשטעלט אַ טעקסי אויף דער פאַר־שנייטער גאַס און מיר האָבן זיך אַריינגעזעצט. די טעקסי האָט נישט געקאָנט פאָרן גיך. עס איז געווען גליטשיק אויף די גאַסן און אַ נייער שניי האָט גענומען פאַלן, דערפאַר האָט עס געדויערט לענגער ביז מיר זענען אָנגעקומען צו מיין שוועסטער אין שטוב.

איך בין געווען שטאַרק מיד, אָבער איך האָב מיין שוועסטער מיט איר מאַן נישט געוואָלט פאַרשאַפן קיין צער, האָב איך זיי גאָרנישט געזאָגט. איך האָב געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז איך בין פריש און לעבעדיק, אַז איך קאָן מיט זיי זיצן און רעדן; נישטאָ וואָס צו איילן זיך אין בעט אַריין — כאָטש איך האָב עס טאַקע געדאַרפט טאָן.

אָבער מיין שוועסטער רבקה, וואָס איז געווען געראָטן אין אונדזער מאַמען, האָט מען נישט געדאַרפט לייגן קיין פינגער אין מויל אַריין. זי האָט מיך נישט געלאָזט קיין סך רעדן: „רעדן טויג נישט פאַר דיר!" — האָט זי אָפּגעפּסקנט. און זי האָט דאָס עסן, וואָס זי האָט פריער געהאַט שוין צוגעגרייט, אָנגעוואַרעמט און געשטעלט אויפן טיש. נאָכן עסן האָט זי מיך געטריבן אין בעט אַריין. „רו זיך אויס, מאָרגן וועסטו מיר אַלץ דערציילן!" — האָט זי געזאָגט. און איך בין, ווי א קינד איר נאָכגעגאַנגען זיך לייגן אויפן בעט.

צומאָרגנס האָט מיין שוועסטער מיך געבעטן, אַז איך זאָל מיין רייזע קיין לאָס־אַנדזשעלעס אָפּלייגן כאָטש אויף איין חודש. אַז איך וועל זיין ביי איר, וועט זי מיך אָפּהיטן און מיר העלפן קומען צוריק צום געזונט. אָבער איך האָב איר נישט געקאָנט צוליב טאָן, מיין בילעט איז אויסגעשריבן אויפן קומענדיקן מאָנטיק און קיין לאָס־אַנדזשעלעס מוז איך אָנקומען נישט שפּעטער ווי דאָנערשטיק, בישקע וועט דאָרט קומען צום וואָקזאַל מיך באַגעגענען.

— טאָ שרייב אָן אַ בריוול צו אים, אַז ער זאָל דיך אָפּוואַרטן נישט פריער ווי אין אַ חודש אַרום, — בעט זי זיך ביי מיר.

אָבער איך גיב זיך נישט אונטער — „ניין, איך קאָן דאָס נישט טאָן, אגב, האָב איך דאָך נאָך ביי דיר צו זיין נאָך פ י נ ף טעג. אין פינף טעג קאָן מען אפילו אַ גאַנדז אויספּאַשען" — באַרויק איך זי, און זי צעלאַכט זיך פון מיין חכמה.

יעדער טאָג האָט מיר גוטס געטאָן. מיין שוועסטער האָט מיך אָפּגעהיטן מיט דער צאַרטקייט פון א מאַמען. זי האָט מיר „געגאָסן גאָלד אין האַלדז אַריין", — ווי דאָס ווערטל זאָגט.

אַ חוץ דעם עסן און טרינקען, האָט זי מיר פאַרשאַפט א סך פאַרגעניגן. זי האָט פאַרבעטן אַלע פריינד פון אונדזער שטעטל, מיט וועלכע איך האָב זיך לאַנג נישט געזען. אמת, זי האָט מיך נישט געלאָזט קיין סך רעדן, אָבער אויסהערן אַנדערע האָב איך דאָך געמעגט.

מיין שוועסטער האָט זיך אַ סך געביטן במשך די זיבן יאָר, וואָס איך האָב זי נישט געזען. זי איז געוואָרן אַ ביסל דיקלעכער. קיין שווערע אַרבעט לאָזט זי דער מאַן נישט טאָן (ער איז אַ קלאָקס אפרייטער). קיין זאָרג פון פּרנסה איז נישטאָ, און קינדער צו האָדע־ ווען האָט זי אויך נישט, האָט זי שלום געמאַכט מיט איר גורל — מענטשן אָן קינדער לעבן אויך. דאָס איינציקע עגמת־נפש, וואָס זי האָט יאָ אַמאָל איז, ווען זי דערהאַלט אַ בריוול פון אונדזערע עלטערן. זיי באַקלאָגן זיך אויף די פּאָלאַקן... עס איז שווער צו לעבן אונטער זייער ממשלה. צו מיר האָבן די עלטערן דאָס נישט גע־ שריבן. זיי האָבן געוווּסט וועגן מיין צרהדיק לעבן.

זונטיק, דעם לעצטן טאָג פון מיין זיין ביי איר, האָט מיין שוועסטער מיטן מאַן צוגעגרייט פאַר מיין פאַרגעניגן וועגן אַ שטיקל שמחהלע. זיי האָבן איינגעלאַדן פריינד, צו וועלכע איך פלעג אַמאָל גיין צו גאַסט, מיט זיבן יאָר צוריק, ווען איך בין געווען אין טשיקאַגאָ. אַ חוץ דעם האָט זי אָן מיין וויסן איינגעלאַדן מיינע צוויי פריינד — די בערקאָוויטשעס. דאָס איז געווען פאַר מיר אַן אמתע פרייד.

פון די בערקאָוויטשעס האָב איך אָפּגענומען גרוסן, וואָס עס הערט זיך אין טשיקאַגער קולטור־לעבן און ביי די פריינד, מיט וועלכע איך פלעג זיך טרעפן ביי זיי אין שטוב. ער האָט מיר דער־ ציילט, אַז מענדל, מיין ערשטער באַלעבאָס אין טשיקאַגאָ, איז שוין צוריק ביי זיין אַרבעט. דאָס האָט מיך אויך געפרייט.

ווען די מענטשן האָבן מיך פאַרלאָזט, האָבן זיי אַלע מיר איבערגעלאָזט זייערע האַרציקע ווינטשעוואַניעס, אַז איך זאָל אין קאַליפאָרניע קומען צוריק צו מיין געזונט.

*

היינט איז מאָנטיק אינדערפרי. היינט פאַרלאָז איך די שוועס־ טער מיינע. אין די פינף טעג האָט זי פאַר מיר געטאָן גאָר אַ סך. איך פיל זיך געשטאַרקט און בין פול מיט בטחון, אַז דאָס ערגסטע

האָט זיך שוין פון מיר דערווייטערט. אויפן געדאַנק קומען מיר די ווערטער, מיט וועלכע מיין פאָטער פלעגט זיך טרייסטן: „כל זמן אַן אָדער קלאַפּט, דאַרף מען די האָפענונג נישט פאַרלירן”. און איך פיל טאַקע, אַז עס קלאַפּט אין מיר יעדעס גליד. איך בין פול מיט גלויבן אין זיך, אַז די זון וועט נישט אַוועקנעמען איר ליכט פון מיינע אויגן. אָבער מיינע ליבע, די, וואָס צאַפּלען זיך איבער מיר, זענען נאָך אַלץ פאַראומערט. מיין שוועסטער רעדט ווינציק. זי גרייט צו אַלץ, וואָס איך דאַרף מיטנעמען אין וועג אַריין.

ענדלעך פאַרלאָזן מיר די שטוב. מיין שוואָגער גייט פאָרויס אָפּוואַרטן אַ טעקסי, זי זאָל אונדז אַוועקפירן צום „סאַנטאַפּע־וואָקזאַל”.

אויפן וואָקזאַל איז שטאַרק טומלדיק; מענטשן שטעלן זיך אין דער ריי, וואָס פירט צו די פענצטערלעך, ווו מען קויפט בילעטן. אָבער מיין באַן־בילעט האָב איך שוין אין קעשענע. מיין שוואָגער טראָגט אַרויס די צוויי לייכטע וואַליזעס צו די שטאַכעטן־טויערלעך, ווו עס שטייען שוין אַ סך מענטשן מיט זייערע געפּעק און וואַרטן מען זאָל זיי שוין אַדורכלאָזן אין די וואַגאָנען אַריין.

איך דאַרף זיך נישט אײַלן, ווייל איך פאָר אַלס טוריסט, דאָס מיינט, אַז מיין זיצאָרט וועט קיין אַנדערער נישט פאַרנעמען. אויף מיין בילעט־קאָנווערט איז אָנגעשריבן דער נומער פון וואַגאָן, אין וועלכן איך דאַרף פאָרן. דער שוואַרצער באַדינער נעמט מיינע צוויי וואַליזקעס און שטעלט זיי אונטער דער באַנק, ווו איך וועל זיך אַוועקזעצן. אַז איך בין שוין פון זיי באַפרייט, שטעל איך זיךביים פענצטער אַרויסקוקן צו מיין שוועסטער מיט איר מאַן. מיין שוואָגער „רעדט” צו מיר מיט די הענט און מיט די אויגן. אָבער מיין שוועסטער, וואָס איז צוליב דער פּראָסט אַן אָנגעפּעלצטע, פאַרדעקט אירע אויגן מיט אַ ווייס טיכעלע: זי וויינט...

איך הער דעם קאָנדוקטאָרס לעצטן אויסגעשריי און די באַן רוקט זיך אַרויס שטילערהייט פון דער סטאַציע. מיר דוכט זיך, אַז דער וואָקזאַל, צוזאַמען מיט די פאַרבליבענע מענטשן, רוקן זיך

אַוועק אַלץ ווייטער און ווייטער, ביז איך זע זיי מער נישט אָן. ערשט דאַן גיי איך זיך זעצן אויף מיין אָרט. אַנטקעגן מיר, אויפן צווייטן בענקל, זיצט אַ שיינע, יונגע פרוי. זי נעמט מיך דורך מיט איר כמעט בייזן קוק. איך האָב דעם איינדרוק, אַז זי איז שטאַרק אנטוישט; אז ס׳געפעלט איר נישט, וואָס זי וועט מיך האָבן פאַר אַ שכן: מיין יידיש פנים איז איר נישט צום האַרצן. אָבער זי ווייסט נישט, אַז יידן ווערן ביי זיך נישט געפאַלן פון אזא „נישט ליב האָבן״. זי האָט רעכט מיין בליק אויסצומיידן.

דערווייל מאַך איך זיך באקוועם אין מיין „דירה״, וועלכע באַשטייט פון אַ בענקל מיט א האלב פענצטער אַרויסצוקוקן אין דרויסן. דעם מאַנטל מיינעם האָב איך שוין אויפגעהאָנגען אויף דעם „אויערל״ וואָס ביים פענצטער. איך בלייב זיצן אינעם ווייסן סוועטער, וואָס מיין שוואָגער האָט פאַר מיר געקויפט אַלס מתנה. דאָס האַנט־קיישל, אין וועלכן מיין שוועסטער האָט אָנגעגרייט די נייטיקע זאַכן אין וועג, ווי אַ שטיקל אָפּגעקאָכטע הון, אַ פּאָר זעמל און עפּעס יידישס צום לייענען — דאָס האָב איך געהאַלטן נעבן זיך. איצט קאָן איך שוין זיצן רויק און אַרויסקוקן צום פאַרשנייטן דרויסן. די באַן, ווי אַ שוואַרצע ריזיקע שלאנג, וויקלט זיך אַרויס פונעם רעלסן־געפלעכט, ביז זי ציט זיך אויס אויף דער גלייכער ליניע און די רעדער צעקאָלערן זיך: גיכער... גיכער... גיכער...

דורכן ווינקל פון מיין רעכט אויג זע איך, וואָס מיין שכנה טוט: זי נעמט אַרויס פון א געפלאָכטן קערבל אַן ענגלישן זשורנאַל און אַ בוך און פאַרטיפט זיך אין לייענען. לויטן־בלעטער־מישן זע איך, אַז זי „לייענט״ אָן אינטערעס, אָבער מיך גייט עס נישט אָן. איך באַוווּנדער דעם פרישן שניי, וואָס האָט זיך אַרונטערגעשאָטן פון די הימלישע הויכן און צוגעדעקט די ערד און די דעכער פון די פאַרביילויפנדיקע שטיבער ווי מיט ווייסע ליילעכער. אָבער מיר אין באַן איז באַקוועם צו זיצן. איך פאַרטראַג זיך אין דמיון צו דעם וויייט־וויייטן לאַנד קאַליפאָרניע, ווו עס איז שטענדיק זומער.

איך בין אַלט געווען זיבעצן יאָר ווען איך בין געלעגן אין בעט קראַנק. איך האָב דאַן געבעטן מיין מאַמען, אַז זי זאָל אַריבערגיין צו מענדל דעם שמש, און אים בעטן, אַז ער זאָל פון זיין ביכער־שאַנק אויסקלייבן פאַר מיר אַן אינטערעסאַנטן ראָמאַן צו לייענען און מענדעלע האָט אויסגעקליבן דעם ראָמאַן, וואָס איז געווען איבערגעזעצט פון פראַנצויזיש אויף יידיש: — „די גאָלדגרובנס אין קאַליפאָרניע". פון דאָזיקן ראָמאַן האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דאָרט, אין יענעם לאַנד, איז שטענדיק וואַרעם, אז דאָרט געפינט מען אַ סך גאָלד אין די בערג, אַז דאָרט גייען אָן קאַמפן צווישן ווייסע און רויטהויטיקע אינדיאַנער.

לייענענדיק די שילדערונגען פון יענעם לאַנד, האָט מיך אָנ־געכאַפּט אַ באַגער דאָרט צו זיין און אָנקוקן דאָס לאַנד, ווו ס'איז קיינמאָל נישטאָ קיין ווינטער מיט שנייען און פרעסט. איך בין דעמאָלט געווען זיכער, אַז צו יענעם לאַנד וועל איך קיינמאָל נישט דערגרייכן. איצט, נאָך אַנדערטהאלבן צענדליק יאָר, זיץ איך אין באַן, וואָס פירט מיך צו יענעם לאַנד, וואָס איך האָב „אַנטדעקט" אין מענדעלע דעם שמשס ביכל מיטן נאָמען „די גאָלדגרובן אין קאַליפאָרניע".

איך בין געוואָרן אַוועקגענומען פון מיין געדאַנקען־וועלט, ווען מיין אומפּריינדלעכע שכנה האָט צוגעמאַכט דאָס בוך און עס צו־ריק אַוועקגעלייגט אינעם קוישל אַריין. איך האָב געהאַט דאָס גע־פיל, אַז אָט באַלד וועט זי אַ זאָג טאָן אַ באַנאַלן זאַץ, ווי עס פירט זיך, ווען איינער וויל צום צווייטן נעמען רעדן: — „אַ שיין וועטער היינט", אָדער פאַרקערט. זי וועט דאָך נישט אָפּזיצן דאָ דריי מעת־לעת און נישט אַרויסרעדן קיין וואָרט. איך וועל נישט אָנהייבן דער ערשטער צו איר רעדן, ווייל ווען זי וועט דערהערן מיין אומקאָ־רעקטן ענגליש, וועט זי דאָך אַוודאי נישט וועלן רעדן צו קיין „פאַרנער"... אַזוי האָב איך געטראַכט.

ניין, נישט אַזוי איז דאָס געשען, זי האָט זיך פאַרקוקט אויפן פאַרשנייטן דרויסן, אָבער אַ ווילע שפּעטער האָט זי סתם אין דער

וועלט אַריין אַ זאָג געטאָן: „איט מאסט בי ארפול קאלד אוטסייד” (עס מוז זיין זייער קאַלט אין דרויסן). אויף דעם האָב איך באַלד צוגעגעבן: „יעס, וועריי קאלד” (יאָ, זייער קאַלט). איך האָב פאַר־שטאַנען, אַז זי האָט אירע פאַר ווערטער אַרויסגעשיקט אַלס „מרגל”. זי וויל זיך דערוויסן פון מיין ענטפער, צי עס לוינט זיך איר צו רעדן מיט מיר.

איצט בין איך שוין געווען זיכער, אַז זי וועט אינגיכן נעמען מיך אויספרעגן, ווי געוויינלעך ביי מענטשן, וואָס רעדן זיך צו־זאַמען. איך האָב לאַנג נישט געדארפט וואַרטן. זי האָט אָנגעהויבן, פאַרשטייט זיך, אין ענגליש: „ווי וויט פאָרט איר, ווו איז אייער שטענדיקע היים?”.

איך האָב איר אָפּגעענטפערט מיט מיין גרייזיקן ענגליש. איך האָב אויף איר געקוקט, געוואָלט דערגיין דעם איינדרוק, וואָס דאָס וועט אויף איר מאַכן. איר פנים האָט זיך פאַרצויגן מיט אַ דינעם, פריינדלעכן שמייכל, און זי האָט מיר די ערשטע צוויי ווערטער קאָרעגירט... זי האָט שוין פאַרשטאנען, אז איך בין נישט לאַנג דאָ אין לאַנד. דערנאָך האָט זי מיך געפרעגט, צי איך קען אַ ביסל לייענען ענגליש, ווייל לייענענדיק וועל איך דערלערנען די שפּראַך — האָט זי פריינדלעך צוגעגעבן.

די באַן האָט זיך שוין „געזעגנט” מיט אַלע פאָרשטעטלעך און איצט האָט זי שוין געשניטן די מיט שניי־באַדעקטע פליינען אויף צווייען. דער לאָקאָמאָטיוו האָט כסדר געפייפט און דער וואַגאָן האָט זיך ריטמיש געוויגט.

איך האָב מיט מיינע בליקן אַוועקגעוואַנדערט צו די אַנדערע מענטשן אין וואַגאָן. עס זענען געווען מער מענער ווי פרויען. מען האָט זיך נאָך דערווייל געהאַלטן מיט אומצוטרוי, איינער האָט דעם צווייטן אָבסערווירט. קיין יידישע פּנימער איז אין מיין וואַגאָן נישט געווען צו זען. איך האָב געטראַכט, אַז שפּעטער וועל איך זיך אַדורכגיין איבער די אַנדערע וואַגאָנען, אפשר פאָרט דאָרט עמי־צער פון אחינו בני ישראל.

דערווייל האָט זיך מיין שכנה אויפגעשטעלט, געטאָן אַ מילדן קוק אויף מיר און געזאָגט, אַז זי גייט טאָן אַ טרונק וואַסער פונעם קראַנדל, איז אויב איך בין אויך דאָרשטיק, וועט זי צוריקברענגען אַ פּאַפּירן טעפּעלע וואַסער.

איך האָב פון מיין קוישל אַרויסגענומען מיין יידישע צייטונג „דער טאָג" און זיך פאַרטיפט אין אַ שטיקל נייעס. איך האָב איר באַדאַנקט און איר בליק איז געפאַלן אויף מיין יידישער צייטונג. איך האָב געטראַכט, אַז אָט באַלד וועט זי א זאָג טאָן: „וואס לייגג-וויטש איז דיס?" (וואָסער שפּראַך איז דאָס) — און איר פּנים וועט מיר שוין דערציילן, וואָס זי טראַכט. אָבער אויך דאָס איז נישט געשען. זי האָט זיך צוגעבויגן אָנקוקן די שריפט און איך אַליין האָב איר געזאָגט, אַז דאָס איז די יידישע שריפט, די זעל-ביקע שריפט אויף וועלכער עס איז געשריבן די ביבל.

אירע טונקל-בלויע אויגן האָבן זיך ווי צעלויכטן און זי האָט מיט דרך־ארץ ביי מיר געפרעגט צי איך בין אַ ייד. נאָך מיין ענט־פער אַז יאָ, האָט זי זיך צוגעזעצט אויף מיין בענקל און מיט גרויס אינטערעס זיך פאַרקוקט אויף דער „ביבלישער שריפט". זי האָט מיך געבעטן, איך זאָל כאָטש אַ פּאָר ווערטער פאַר איר אַרויס־לייענען, און איר זאָגן זייער באַדייט. איך האָב דאָס געטאָן און זי האָט באַגייסטערט אַ זאָג געטאָן: „ווי וווּנדערלעך עס קלינגט די שפּראַך!"... איך האָב איר געזאָגט, אַז דאָס איז נישט די ביבל־שפּראַך, די ווערטער זענען יידיש און די ביבל איז אין העברעיש. אָבער ביידע שפּראַכן זענען אונדזערע. אונדזער פאָלק קאָן ביידע שפּראַכן רעדן און לייענען. אויף דעם האָט זי ביי מיר געפרעגט, צי זי וואָלט אויך געקאָנט זיך אויסלערנען די דאָזיקע שפּראַך, מיט דער ביבל איז זי גוט באַקאַנט, אָבער זי וואָלט געוועזן גליקלעך צו לייענען די ביבל אין אָריגינאַל, — „איז עס מעגלעך?" — פרעגט זי ביי מיר. און איך פאַרזיכער איר, אַז זי וואָלט געקאָנט זיך אויסלערנען, אויב זי וויל און אין שייכות מיט דעם דערציילט זי מיר שוין, אַז זי איז אַ געוועזענע לערערין פון אַ היי־סקול, נאָר

זינט זי האָט חתונה געהאַט און זיך געריכט צו ווערן אַ מוטער, האָט זי אויפגעגעבן דאָס „טיטשן" (דאָס לערנען).

מיין שכנה האָט זיך געכאַפּט, אַז זי זיצט שוין אויף מיין בענקל אַ ביסל צו לאַנג, האָט זי זיך אויפגעשטעלט, און האָט זיך פאַר מיר פאָרגעשטעלט: „מיסיס קעמפּבעל" — האָט זי געזאָגט איר נאָמען. איך האָב איר געזאָגט מיין נאָמען, און דאַן האָט זי זיך צוריקגעזעצט אויף איר בענקל, נישט אַוועקנעמענדיק איר פריינט־לעכע בליקן פון מיר.

נאָך האַלבן טאָג, אַרום איינס אַזייגער, האָט דער קאָנדוקטאָר געמאָלדן, אַז די באַן וועט זיך באַלד אָפּשטעלן און ווער ס'וויל, וועט קאָנען אַרונטערגיין עסן מיטאָג אין דעם „האַרוויי־רעסטאָראַן".

מיין שכנה, מיסיס קעמפּבעל, איז אַריין אין דעם „פּרויען־צי־מער" זיך צוגרייטן. זי האָט דאָרט אויפגעקעמט אירע בלאָנדע האָר, אָנגעשמינקט אירע ליפּן און געקומען זיך זעצן אויף איר אָרט, ביז די באַן וועט בלייבן שטיין.

זי האָט מיך געפרעגט, צי איך בין גרייט אַרונטערצוגיין עסן מיטאָג, האָב איך איר אָנגעוויזן אויף דעם, וואָס מיין גוטע שוועס־טער האָט מיר מיטגעגעבן, אַז איך זאָל מיין ערשטן מיטאָג עסן אין וואַגאָן.

דער וואַגאָן האָט זיך כמעט אָפּגעליידיקט, ווייל יעדער האָט זיך געיאָגט פאַרכאַפּן אַ פּלאַץ ביים טיש. ווען איך האָב פאַרענדיקט מיין מאָלצייט, בין איך אַראָפּ פון וואַגאָן און אויפן קאַלטן דרויסן געלאָזט אַ ביסל פונאַנדערגיין מיינע פיס.

ווען אַלע פּאַסאַזשירן זענען שוין אַריין צוריק אין די וואַגאָ־נען, האָט די באַן זיך גענומען אַוועקרוקן פון דער סטאַציע. דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך פריילעך צעפייפט און דער קוימען האָט אַרויס־געסאַפּעט שוואַרצע רויך־וואָלקנס, ווי אויף צו דערוואַרעמען די פּראָסטיקע לופט.

מיין שכנה האָט זיך גענומען צו אירע זשורנאַלן און איך האָב זיך געלאָזן איבער די אנדערע וואַגאָנען זוכן יידישע פּנימער.

יאָ, איך האָב געפונען יידן. איך האָב זיך צוגעשטעלט צו אַ גרופּע, וואָס האָט שוין געהאַט אויפגעשטעלט אַ טישל צווישן צוויי בענקלעך און זיך גענומען צום קאָרטן־שפּיל. איך האָב צו זיי גע־רעדט יידיש, אָבער זיי האָבן מיר געענטפערט אין ענגליש. איך בין אַריין אין אַלגעמיינעם וואַגאָן, ווו עס זענען נישט פאַראַן קיין „בעטן״ און דאָרט דערזען אַ סך יידישע מענטשן. אָבער, ווידער דאָס זעלביקע, זיי האָבן גערעדט ענגליש. אגב, האָבן זיי גערעדט צווישן זיך נישט קיין בעסערן ענגליש פון מיר. איך האָב דאָך אָבער צוגעזאָגט מיין שוועסטער נישט אויפצורעגן זיך, נישט צו פאַרפירן קיין דעבאַטעס מיט קיינעם. האָב איך דערויף נישט רעאַ־גירט, זיך צוריקגעקערט אין מיין וואַגאָן אַריין און זיך אַוועקגע־זעצט לייענען מיין יידישע צייטונג.

די באַן האָט זיך פּלוצים צעיאָגט, פאַרבייגעלאָפן דערפלעך און שטעטלעך. מ׳האָט געשמועסט, אַז מיר געפינען זיך שוין אין אַ צווייטער שטאָט; אָבער אין דער אַמעריקאַנער מאַפּע האָב איך נאָך נישט געהאַט ארייננעקוקט און נישט געוווּסט דעם חילוק פון איין טייל לאַנד ביז אַ צווייטן. איך פאַרלאָז זיך אויף די אַמעריקאַ־נער, וועלכע קענען די געאָגראַפיע פון זייער לאַנד. אָבער אמע־ריקע איז דאָס פרייע לאנד פאַר אלע, און איך האָב די זעלבע רעכט צו באַוווּנדערן די שיינקייט פון די בערג, וועלכע שטייען צוגע־דעקט מיט שניי, און די ווייט־ווייטע פליינען, וועלכע וואָלטן גע־קאָנט געבן פּלאַץ פאַר מיליאָנען יידן, וואָס רייסן זיך אַהערצוקו־מען, אָבער די שונאים פון דער עמיגראַציע האָבן מורא זיי אַריינ־צולאָזן.

מיין שכנה זאָגט צו מיר, אז זי וואָלט שוין געוואָלט זיין איך איר פאַרליבטער קאַליפאָרניע, ווו מען זעט נישט קיין שניי. זי האָט שוין גענוג שניי געזען מיט אירע אויגן. דאָס איז איר ערשטע רייזע, וואָס זי מאַכט: איר מוטער האָט צום צווייטן מאָל חתונה־געהאַט און איר מאַן האָט זי אַריבערגענומען קיין טשיקאַגאָ. דערפאַר איז זי געפאָרן זען איר מוטער. אָבער זי קאָן נישט פאַרשטיין — זאָגט

זי מיר — וויאַזוי מענטשן קאָנען זיך איבערוואָרצלען פון איין אָרט אויף אַ צווייטן. זי איז אין לאָס־אַנזשעלעס געבוירן און זי וועט שוין אירע יאָרן דאָרט אויסלעבן. דערויף זאָג איך איר, אַז מיר יידן האַלטן זיך אין איין „אויסוואָרצלען" זינט צוויי טויזנט יאָר... איר פּנים נעמט אָן אַן אויסדרוק פון באַדויער און שולדיקייט.

— אָט בין איך נאָך אַ יונגער מענטש — זאָג איך צו איר — און ווילסטו אפשר וויסן וויפל מאָל איך האָב זיך שוין אויסגע־וואָרצלט זינט איך בין געבוירן געוואָרן? — ווען איך זאָג עס איר, שטעלן זיך טרערן אין אירע אויגן...

זי ווינטשט מיר, אַז לאָס־אַנזשעלעס זאָל זיין פאַר מיר דער ריכטיקער באָדן, אַז איך זאָל מער נישט דאַרפן זיך אויסוואָרצלען פון דאָרט.

זעקס אַזייגער אין אָוונט האָט די באַן זיך אָפּגעשטעלט און דער עולם האָט זיך ווידער געאיילט צום רעסטאָראַן עסן וועטשערע (סאַפּער).

נאָכן עסן איז דער עולם אין מיין וואַגאָן געוואָרן צווישן זיך היימישער. מ'האָט גערעדט פריינדלעכער איינער מיטן צווייטן. מ'האָט זיך געטיילט מיט די דערפאַרונגען און אויך אויסגעלייגט די אייגענע פּלענער פאַר קאַליפאָרניע.

אַרום ניין אַזייגער אין אָוונט האָט דער שוואַרצער באַדינער געעפנט די געלעגערס. פון די צוויי בענקלעך אויף וועלכע מיר זענען געזעסן דעם גאַנצן טאָג האָט ער געמאַכט צוויי געלעגערס: אונטן און אויבן.

מיין בעט איז אונטן. דאָס בעט אויבן איז פאַר מיין שכנה, מיסיס קעמפּבעל. אָבער קיין לייטערל זע איך נישט. טאָ וויאַזוי וועט זיך די מיסיס קעמפּבעל אַרויפהייבן אויף איר געלעגער? אַ ביסל שפּעטער ווערט די זאַך פאַרענטפערט, ווען איך זע וואָס אַנדערע טוען — זיי הייבן זיך אַרויף אַליין מיט די אייגענע כוחות.

אָט קומט שוין מיין שכנה צוריק פון דעם צימערל, ווו די פרויען „פּודערן די נעז" און זי איז גרייט זיך אַרויפצוהייבן אויף איר געלעגער. ווייל איך איר ווייזן, אַז איך בין אַ דזשענטלמען און באָט איר אָן מיין הילף. שמייכלט זי און גיט אַ זאָג: „נאָ, טענק יו, קען הוירט יורסעלף, ביקאָס איי עם טאָ העווי" (ניין, אַ דאַנק. דו קאָנסט זיך ווי־טאָן, ווייל איך בין צו שווער). און זי טוט טאַקע דאָס זעלבע, וואָס אַלע אנדערע טוען: זי הייבט זיך אַליין ארויף אויף איר געלעגער.

דער וואַגאָן איז איצט צעטיילט אויף צוויי העלפטן. אינמיטן איז אַ לאַנגער קאָרידאָר אַדורכצוגיין. הינטער די לאַנגע גרינע פאָרהאַנגען גרייטן זיך מענטשן צו לייגן שלאָפן.

דאָס איז צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן, אַז איך לייג זיך שלאָפן אין אַ בעט אויף א באַן. איך בין אַ סך מאָל געשלאָפן אין באַנען — אויף אַ באַנק, און אונטער אַ באַנק — אָבער נישט אין אַ בעט מיט ווייסע ריינע ליילעכער.

אפשר גראָד דערפאַר טאַקע, ווייל ס'איז מיר אַזוי גוט צו ליגן אונטער דעם פאָרהאַנג, קאָן איך נישט אַנטשלאָפן ווערן. מיר איז אויך גוט, וואָס איך ליג נעבן פענצטער און קאָן אַרויסקוקן צו דער נאַכט, צום אויסגעשטערנטן הימל. פאַר מיינע אויגן לויפן פאַרביי שטיבלעך, ביימער, טעלעגראַף־סלופּעס. די ווייטע בערג־לעך ליגן פאַרכישופטע, כאָטש כאַפּ זיך אַרויס דורכן פענצטער און לויף צו זיי. אָבער די רעדער אונטערן וואַגאָן ווילן זיך נישט איינשטילן. זיי האַלטן אין איין קלאַפּן...

מיר איז גוט. איך קאָן אָנצינדן דאָס לעמפּל און זיך פאַרטיפן אינעם בוך, וואָס איך האָב מיטגענומען. ווען מיינע אויגן נעמען זיך צומאַכן, פאַרלעש איך דאָס ליכט און כ'ווער אַנטשלאָפן. אָבער דעם לאָקאָמאָטיווס פייפל וועקט מיך פונעם שלאָף: איך קוק אַרויס דורכן פענצטער און דערזע פונדערווייטנס אַ שטאַרק באַלויכטענעם פּלאַץ — אַ סימן, אַז די באַן וועט זיך באַלד אָפּשטעלן. צוויי מענ־טשן פאַרלאָזן די באַן. דער לאָקאָמאָטיוו שיסט אַרויס א ביסל

פּאַרע, און דער צוג רוקט זיך אַוועק, און נעמט בלאָנדזשען אין דער גאָך פינצטערער נאַכט.

דער שלאָף פון מיינע אויגן איז ערגעץ אַנטרונען געוואָרן; ליג איך אין דער פינצטער און טראַכט. איך טראַכט וועגן מיין פרוי מיט די קינדער. אָט האָבן מיר ווידער זיך צעשיידט. אויף ווי לאנג? וואָס דערוואַרט מיך אין קאַליפאָרניע? צי וועט דאָרט מיין חבר בישקע נישט פאַרגעסן, אַז ער דאַרף מיך באַגעגענען? וועל איך אין דעם זוניקן לאַנד אויף אַן אמת צוריק געזונט ווערן?.. אָט די געדאַנקען האַלטן מיך וואַך. מיינע אויגן־בליקן רייסן זיך צו דעם פענצטער. איך פאַרקוק זיך צו דעם אויסגעשטערנטן הימל און עס דאַכט זיך מיר, אַז די שטערן ווייסן אויך וועגן וואָס איך טראַכט.

איך ווייס נישט אין וועלכע שטאָט מיר געפינען זיך אַצינד, אָבער אַז מיר זענען ווייט פון טשיקאַגאָ — דאָס פאַרשטיי איך.

אין וואַגאָן איז טונקל. עס ברענט אַ קליין עלעקטריש לעמפל און פון הינטער די פאָרהאַנגען טראָגט זיך אַ מאָדנע כראָפּען מיט הפסקות. דער זיך וויגנדיקער וואַגאָן פאַרשלעפט מיך ביזן באַגינען.

ווען איך כאַפּ זיך אויף, פאַלט מיין בליק צום פענצטער. דער הימל ליכטיקט. איך זע די באַן ווי זי פאַרוויקלט זיך אַרום אַ בארג ווי א לאנגע שוואַרצע שלאנג. מיין פענצטער קוקט איצט צום מזרח: דער הימל איז צעשטרייפט און קוקט אויס ווי אַ צעפלאַ־קערטע שריפה. דער זונס פייערדיק אויג קוקט גלייך צו מיר.

דער עולם אויף די געלעגערס וועקט זיך, אין וואַגאָן ווערט אַלץ ליכטיקער. מיין שכנה, מיסיס קעמפּבעל, איז שוין אויך וואַך. זי בייגט אַרונטער איר קאָפּ צו מיר און זאָגט: וויל יו פּליס טורן יורסעלף טאָ די ווינדאָו?" (ווילסטו זיין אַזוי גוט און זיך אויס־דרייען מיטן קאָפּ צום פענצטער?). איך פאַרשטיי, וואָס זי מיינט, און איך טו ווי זי פאַרלאַנגט. באַלד שאַרט זי זיך אַרונטער פון איר בעט, מיט אירע שטעקשיך אויף מיין בעט אָנגעשפּאַרט.

אין וואַגאָן ווערט צוריק לעבעדיק: עס צעעפענען זיך די

גרינע, לאַנגע פאָרהאַנגען און פון הינטער זיי קומען אַרויס מענ־טשן מיט שלאָף אויף די פנימער. מען איילט זיך צו שטעלן אין ריי אויף אַריינצוגיין אין די קליינע צימערלעך, כדי דעם שלאָף פון פנים אָפּצוּוואַשן.

אַרום אַכט אזייגער איז מען שוין נעבן הארוויס רעסטאָראַן. דער צוג שטעלט זיך און אַלע יאָגן זיך עסן פרישטיק.

מיט דעם זעלבן ראַטירן איז פאַרגאַנגען דער דינסטיקדיקער טאָג. מיטוואָך נאָך האַלבן טאָג האָט די מיסיס קעמפּבעל צו מיר געזאָגט, אז מיר דערנענטערן זיך שוין צו דער שטאָט אַריזאָנאַ. דאָנערשטיק אינדערפרי וועלן מיר שוין זיין אין לאָס־אַנזשעלעס.

דער אַריזאָנער הימל איז א בלויער; אויף אים שווימען שניי־ווייסע וואָלקנדלעך. פון דעם טשיקאַגער ווינטער איז דאָ נישטאָ קיין סימן, אויף די פליינען זעט מען אויסגעטריקנטע דערנער און שטעכיקע פלאַנצן. מ׳זאָגט מיר, אז דאָס איז אַזאַ שטעכיקע פרי, וועלכע מ׳קאָן עסן. דער נאָמען איז „קעקטוס" (צאַבערס).

מיין בליק ווערט צוגעצויגן פון די הויכע אַריזאָנער בערג. די לופט איז דורכזיכטיק קלאָר. מען קאָן זען אויף מיילן ווייט. די זון באשטראַלט דעם גאנצן ארום. אָבער די באַן פאָרט שנעל — ביז די בערג צו דערגרייכן איז נאָך ווייט.

טייל מענטשן אין וואַגאָן שפּילן אין קאָרטן; אַנדערע דערציילן זיך מעשיות. ס׳איז קענטיק, אז די מערסטע פאָרער שטאַמען פון קאַליפאָרניע. זיי פאָרן איצט צוריק אַ היים.

איך לאָז זיך צום לעצטן מאָל דורכגיין די וואַגאָנען און אָנ־קוקן די מענטשן, וואָס זעען נישט אויס ווי פאַרדאגהטע. איך שטעל זיך אָפּ נעבן אַ יוגנטלעך יידיש פאָרפאָלק. זיי זאָגן מיר, אַז זיי זענען פון לאָס־אנזשעלעס; זיי זענען געווען אין ניו־יאָרק צוליב געשעפט. איצט פאָרן זיי צוריק אַהיים. זיי דערציילן מיר נישט וואָס זיי טוען אין לאָס־אנזשעלעס, און איך האָב נישט קיין דרייסטקייט זיי צו פרעגן. איך פאַרשטיי, אז זיי זענען נישט קיין אָרעמע מענ־טשן. זיי ענטפערן מיר האַלב־ענגליש און האַלב־יידיש.

דורכגעוואַנדערט אַלע וואַגאָנען, קער איך זיך צוריק אין מיין וואַגאָן. מיין שכנה, די מיסיס קעמפּבעל, זאָגט מיר אָן מיט גרויס פרייד, אַז זי האָט זיך שוין אויסגעלערנט די עטלעכע יידישע ווערטער, וואָס איך האָב איר געהייסן פאַרשרייבן: זי קאָן שוין זאָגן: „וואָס מאַכט איר?", „ווי איז דיין נאָמען?", „לאָמיר גיין עסן", „אַ שיינער טאָג" און נאָך עטלעכע לייכטע יידישע זאַצן.

אין דער לעצטער נאַכט בין איך נאָך וויינציקער געשלאָפן. איך בין געזעסן אויף מיין געלעגער און געקוקט צום ביינאַכטיקן דרויסן, געקוקט צו די שימערירנדיקע שטערן אויפן הימל. און דאָרטן האָב איך, ווי אין אַ פילם, נאָכאַמאָל געזען אַלץ, וואָס איך האָב אין די לעצטע עטלעכע יאָרן איבערגעלעבט.

באַגינען, ווען די זון האָט באַלויכטן די הויכע קאַליפאָרניער בערג, האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז זיי זענען פון ריינעם קופּער.

דער אויפגעשטאַנענער עולם אין וואַגאָן איז געוואָרן שטאַרק באַשעפטיקט: יעדער איינער האָט זיך געפּלייסט, אַז זיינע מלבושים זאָלן אויף אים זיין אין בעסטער אָרדענונג. דער באַדינער איילט זיך אויך צו מאַכן אָרדענונג אין זיין וואַגאָן. ער דאַרף צונעמען די בעטן און אַרויסטראָגן די וואַליזעס, זיי זאָלן זיין נאָענט צו דער טיר. אנדערע פּאַסאַזשירן וואַרטן, אַז ער זאָל אָפּפּוצן זייערע שיך, אָדער העלפן ביים געפּעק.

שוין אין גרויסן פרימאָרגן לויפט די זון נאָך דער יאָגנדיקער באַן באַרג־אַרונטער. אָט באַלד וועט זיך די באַן אָפּשטעלן נעבן דער ערשטער, גרויסער סטאַציע אין קאַליפאָרניע: „סען בערנאַרדינאָ".

אויף דעם שטיינערנעם אַספאַלט, אנטקעגן דעם וואָקזאַל, זיצן אויסגעזעצט א ריי אינדיאַנערינס אין זייער קאָלירפולער קליידונג. נעבן יעדער איינער זענען אויף דער ערד אויסגעשטעלט פאַרשידענע, מיט זייערע הענט אויסגעאַרבעטע חפצים, אויף צו פאַרקויפן צו די נייגעריקע פּאַסאַזשירן: קריגעלעך, טעפּעלעך, קישעלעך, געפאַרבטע פּאַטשערקעס, אויריִנגלעך, בראַסלעטן, האַנט־בייטעלעך,

טישטעכלעך. די פּאַרקויפפערינס רעדן נישט. זיי זיצן שטומע. בלויז זייערע שוואַרצע אויגן בעטן, אַז מען זאָל ביי זיי קויפן.

אַוועקגערוקט אין אַ זייט, שטייט אַ רעדל אינדיאַנער, מיט ליול־קעלעך אין זייערע מיילער. דער רויך פון זייערע ליולקעלעך קרייזלט זיך איבער זייערע האָר־טשופּרינעס.

דער קאָנדוקטאָר קוקט אויף זיין זייגער און נעמט שרייען: „אָל־אַ־באָרד!". דער עולם יאָגט זיך אין די וואַגאָנען אריין. די באַן יאָגט זיך אַוועק פונעם וואָקזאַל, זי שניידט זיך אריין אין די נידעריקע וועלדלעך, ווו עס וואַקסן די קאַליפאָרניער פּאָמעראַנצן.

מיין האַרץ קלאַפּט שטאַרק... אָט באַלד, באַלד, נאָך צוויי שעה — און די באַן וועט מיך צופירן צו דעם וואָקזאַל אין לאָס־אַנזשע־לעס, ווו מיין גוטער חבר בישקע וואַרט אויף מיר. און אין מוח פּיקט די פראַגע: צי האָט ער נישט פאַרגעסן צו קומען?

## קאַפּיטל פינף

די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט אַנטקעגן דעם רויט־נידעריקן וואָקזאַלעכל און אויבן, אויפן דאַך, האָט אַראָפּגעשריגן די שילד מיט שוואַרצע ווערטער: „לאָס אַנזשעלעס".

די טירן פון אַלע וואַגאָנען האָבן זיך צעעפנט און די פּאסאַ־זשירן מיט זייערע פּעקלעך אין די הענט זענען איינציקווייז אַרויס. אַ פּריילעכער עולם האָט באַגעגנט די אָנגעקומענע; מען האָט זיך אַרומגענומען, געהאַלדזט און געקושט, און די קאַליפאָרניער זון האָט אַלע פּנימער באַלויכטן.

אָבער ווו איז מיין חבר בישקע? איך קוק אויף אַלע זייטן און אָט איז ער. ער שיילט זיך אַרויס פון געזעמל, ער פאָכעט צו מיר מיט דער האַנט און איך שריי אויס: „האַלאָ, בישקע! בישקע!". ער קומט צו צו מיר מיט אַ ברייטן שמייכל אויף זיין נישט־ראַזירטן פּנים. ער נעמט אָן מיין האַנט און שלעפּט מיך צו צו זיין אויסגע־פּילטן קערפּער, ער דריקט מיך מיט אַ וואַרעם געפיל... און איך בין שטאַרק גערירט. בישקע פאַרענטפערט זיך פאַרוואָס ער גייט אין אַזאַ „הילוך": ער איז אָנגעטאָן אין אַ פאַרשמירט אויבערהעמד, די אַרבל אַרויפגעוויקלט, אין קאָרטענע הויזן און אַלטע שיך, און זיין קאָפּ שוואַרצע האָר איז נישט פאַרקעמט. ער זאָגט מיר, אַז ער האָט קוים זיך אַרויסגעכאַפּט פון זיין געשעפט און געאיילט זיך צו דער באַן.

דער זעלבער בישקע פלעגט אין דער אַלטער היים זיין שטאַרק אָפּגעהיט מיט זיין קליידונג. ער איז ביי אונדז, יונגעלייט, געווען פאַררעכנט פאַר דעם פּאַצעט אין שטעטל.

בישקע האָט פון מיינע הענט אַוועקגענומען מיינע צוויי וואַ־ליזקעלעך מיט אַ גרינגקייט, גלייך ווי זיי וואָלטן געווען אָנגע־שטאָפּט מיט פעדערן.

מיט א צעשטראַלט פּנים האָט מיין חבר מיך געפירט צו זיין „טראַקל״, וואָס ער האָט ערגעץ „געפּאַרקט״ (אַוועקגעשטעלט). דאָס איז געווען אַן אַלטער אָפענער „וואָגן״ (אַ פאָרדל). ווען מיר האָבן זיך אַרויפגעזעצט, האָט בען מיט זיינע שטאַרקע הענט מאַניפּולירט מיטן רעדל, געצויגן דעם דראָט אַרויף און אַראָפּ, ביז עס האָט זיך צעקרעכצט און אַוועקגערעדלט פונעם אָרט.

בישקע (דאָ רופט מען אים בען) האָט נישט אויפגעהערט צו שטעלן מיר אַלערליי פראַגעס: וועגן ניו־יאָרק, וועגן די לאַנדס־לייט, וועגן מיין משפחה. ער האָט תיכף געוואָלט אַלץ זיך דערוויסן. ער איז מיט מיר פאַרבייגעפאָרן די צווייטע גאַס, וווּ מען קאָן זען די יאַפּאַנער. ער האָט מיר א ביסל דערציילט וועגן זיי און גלייך אַריבער צום כינעזישן ווינקל. פון דאָרט איז ער געפאָרן צום מעק־סיקאַנער ווינקל, וואָס גרענעצט זיך שוין מיט דער גאַס „טעמפּל״ און פאַרציט זיך אויף מערב. ער האָט זיך טאַקע פאַרנומען צו פאָרן אויף דער גאַס. ווייטער איז די יידישע געגנט.

קוקנדיק אויף אים האָב איך געזען ווי פאַרליבט ער איז אין דער שטאָט. ער ווייזט מיר אָן אויף יעדן ווינקל, וואָס מיר פאָרן פאַרביי און גיט מיר אויפקלערונגען. דאָס טראַקל רעדלט אַלץ ווײ־טער און אָט איז שוין די יידישע גאַס. א יידישע בעקעריי, רעסטאָ־ראַן, דעליקאַטעסן, פיש־מאַרקעט, און בשר־כשר. דאָ, זאָגט מיר בען, איז זיין געשעפט: האלב גראָסער און האַלב בוטשער.

בען לאָזט מיך אַריין פריער, ווי איך וואָלט געווען אַ געהויבע־נער גאַסט, און ער לאָזט אַלעמען וויסן: „דאָס איז משה ווייסמאַן פון ניו־יאָרק, אונדזער גאַסט!״. בענס עלטערער ברודער, הערצקע דער קצב (בוטשער), איז אַליין אויך אַ גרינער, ער איז נאָך קיין יאָר בישטאָ אין לאַנד און דאָך קומט ער מיר אַנטקעגן מיט אַן אַרויס־

געשטעלטער, פאַרבלוטיקטער האַנט און זאָגט: „האַלאָ! האוואייע! בייס טו סי יו!" — און ער דריקט שטאַרק מיין האנט.

זיין ברודער בעץ קאָן זיך נישט צוריקהאַלטן פון א באַמער־קונג: „משה, דו זעסט? מיין ברודער הערצקע האָט שוין אויפ־געהערט צו רעדן יידיש!".

הערצקע גייט צוריק צו זיין יאַטקע־קלעצל. פרויען וואַרטן אויף אים און בעץ האָט נישט קיין חשק צו בלייבן אין געשעפט: ער האָט חשק מיך אָפּצופירן אַ היים. כאָטש הערצקע בעט אים ער זאָל דאָ בלייבן: „וואט דויו מין"... און ער כאַפּט זיך צוריק צו יידיש: „דו גייסט ווידער אַוועק? ווער וועט אַכטונג געבן אויף דער גראסערי?". נאָר בעץ מאַכט זיך נישט הערנדיק. ער רופט מיך אַרויס אין דרויסן, מיר זעצן זיך צוריק אויפן טראַקל און בעץ פירט מיך צו זיך אַ היים.

פאָרנדיק זאָגט בעץ צו מיר: „זאָל ער זיך צוגעוויינען, איינ־גיכן וועל איך דאָס גאַנצע געשעפט אים איבערגעבן, זאָל ע ר ווערן אַ מיליאָנער!".

בעץ זאָגט מיר, אַז ער וווינט נישט ווייט פון טעמפּל־סטריט, אָבער ווערליק ער פאָרט מיט מיר, דוכט זיך מיר, אַז עס איז גאָר נישט אַזוי נאָענט. דאָס איז דערפאַר, ווייל בעץ פאָרט נישט מיטן גלייכן וועג. ער וויל אַריינכאַפּן נאָך עטלעכע גאַסן, ווייזן זיין חבר משה, ווי שיין דאָ איז. ענדלעך פאָרט ער אויף גלענדייל־בולוואַרד און ער דערציילט מיר דעם יחוס פון דער גאַס, פון די איינוווינער, און אָט דאָ פאַרדרייט ער זיך צו זיין גאַס.

די גאַס איז טאַקע אַ שיינע. הגם די הייזער זענען אַלטע, מאַכן זיי דעם איינדרוק פון אַ גוטער באַלעבאַטישקייט. אַרום יעדן הויז וואַקסן בלומען.

אויף דעם עק גאַס, אונטער אַ באַגרינטן בערגל, שטייט אַן אָפּגעזונדערטע אַלטע שטוב. בעץ פאָרט אַריין אינעם הויף און פון דער שטוב קומט אַרויס אַ דיקע, שיינע פרוי, מיט א שמייכל איבערן גלאַטן פּנים. בעץ שרייט אויס: „גיטל, אָט איז משה!", און זי באַ־

גריסט מיך האַרציק. מיר גייען אַלע אריין אין שטוב. די שטוב איז נישט קיין רייכע, נאָר אַ ריינע. איך דערקען גלייך, אַז דאָס איז א יידישע שטוב. איך זע אַ פּאָליצע מיט עטלעכע ספרים, אַ טייל — יידישע ביכלעך. אויף די ווענט אין דער קיך — צווייערליי געשירן: מילכיקע און פליישיקע...

אַז גיטל קאָן גוט קאָכן — דאָס האָב איך באַלד דערשמעקט. אויפן קוימען זענען געשטאַנען גרייט אָפּגעקאָכטע מאכלים, נאָר צום טיש צו גיין. בען האָט מיר אָנגעוויזן ווו איך זאָל זיך אַרומוואַשן. דאָס זעלביקע האָט ער אויך געטאָן. ער האָט אָנגעטאָן אַנדערע קליידער.

צווישן איין מאכל און אַ צווייטן האָט מען אַ סך גערעדט. צום מערסטן האָט גערעדט גיטל. זי האָט דערציילט, אַז איר מאַן בען האָט נישט ליב צו זיין אַ גראָסערי־מאַן. ער וויל נישט זיין קיין פארקויפטער, ער וויל זיין אַ פרייער מענטש. און בען האָט געזאָגט: „מיין ברודער הערצקע איז געקומען קיין אַמעריקע מיט א זאַלץ־זעקל, ער האָט ליב א סך געלט. אָבער איך יאָג זיך נישט נאָך קיין געלט. איך וויל לעבן ווי אַ מענטש און ווי אַ ייד" (איך האָב נישט פאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט מיט דעם, איך האָב אָבער נישט געפרעגט). גיטל האָט ווידער איבערגענומען דעם שמועס: „איך בין נישט פון די ווייבער, וואָס ווילן, אַז דער מאַן זאָל אַקערן מיט דער נאָז די ערד; צו אַלץ, וואָס בען וויל טאָן, בין איך מסכים".

איך האָב פאַרשטאַנען פון זייער געשפרעך, אז בען האָט פיינט צו זיין דעם גאנצן טאָג אויף איין פלאַץ. ער האָט ליב אַרומצופאָרן אויף זיין טראקל און זיין אויף דער פרישער לופט. אָבער אין דער זעלבער צייט האָט ער פאַר זיך אויסגעקליבן אַ צווייט געשעפט, פון וועלכן ער קאָן ציען פּרנסה.

בען און גיטל האָבן מיך ארויסגעפירט פון הויז און מיר אָנגעוויזן, וואָס עס טוט זיך אין זייער הויף: — גאַנצע בערג מיט אַלטווארג, — אַלטע שטיקער אויטאָמאָבילן, גומענע רעדער, אַלטע שטיקער אייזן, קופּער, קינדערישע וועגעלעך, און א סך אַנדער

ברוכוואַרג. הכלל, בען איז שוין כמעט פאַרנומען מיט אַ צווייטער „ביזנעס", ער איז „דזשאַנקמען" (אַזא וואָס קויפט אויף אַלט ברוכ־וואַרג).

גיטל זעט ווי איבעראַשט איך בין געוואָרן, טוט זי אַ זאָג: „אין אַמעריקע איז נישט קיין חרפה צו זיין אַ דזשאַנקמען. דאָס, וואָס איר זעט, משה, איז גוט געלט". און בען האָט פאַרענדיקט: „איך בין אַ סך צופרידענער פון די „ביזנעס" ווי פון דער גראָסערי. איך האָב שוין גערעדט מיט מיין ברודער, און ער איז גרייט איבער־צונעמען דאָס געשעפט, — אויב איך וועל אים נישט פרעסן מיט געלט".

בען האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין האַנט־זייגערל און געזאָגט, אַז ער וועט איצט פאָרן צוריק אויף טעמפּל־סטריט און איך זאָל זיך צולייגן אַ ביסל אָפּרוען פונעם וועג. פאַרנאַכט וועט ער אהיים־קומען מיט זיינע צוויי יאַטעלעך, וואָס ער וועט אָפּנעמען פון יידישן חדר.

בען איז אַוועקגעפאָרן און איך בין פאַרבליבן מיט גיטלען. גיטל האָט כסדר גערעדט וועגן איר מאַן, וואָסער טייערער מענטש ער איז.

פאַרנאַכט איז געקומען בען מיט זיינע צוויי יינגלעך (ער רופט זיי יאַטעלעך) פון טעמפּל־סטריט. די יינגלעך האָבן שוין געוווּסט, אַז איך בין זייער טאַטנס א לאַנדסמאַן און א חבר פון דער „אַלט קאָנטרי" (פונעם אַלטן לאַנד). די יינגלעך האָבן זיך דערפרייט מיטן נייעם גאַסט. זיי האָבן צו מיר גערעדט ענגליש, האָט דער פאָטער געזאָגט, אַז זיי זאָלן צו מיר רעדן יידיש, האָבן זיי אים געענט־פערט: „זאָל ער אונדז געבן אויף אייז־קרעם, וועלן מיר צו אים רעדן יידיש". טאַטע־מאַמע האָבן זיך איבערגעקוקט און זיך צע־לאַכט. איך האָב זייער פאַרלאַנג באַלד נאָכגעגעבן און זיי האָבן צו מיר גערעדט אַ געשמאַקן יידיש.

גיטל איז אַריין אין שטוב צוגרייטן וועטשערע. נאָכן פאַרענדיקן

דעם מאָלצייט האָט בען געזאָגט צו גיטלען: „גיטל, לאָמיר זיך אַרויפזעצן אַלע אויפן טראַקל און נעמען „אַ רייט" (אַ פאָר) קיין האָליווּד. זאָל משה אָנקוקן די באַרימטע שטאָט, וואָס זאָגסטו, גיטל?". גיטל האָט נישט געהאַט דאַקעגן. מיר האָבן אַלע פאַרלאָזט די שטוב און זיך אַרויפגעזעצט אויפן „טראַקל". בען האָט גענומען דאָס רעדל אין זיינע שטאַרקע הענט אריין און מיר האָבן אַוועקגערעדלט אזש קיין האָליווּד.

אינדרויסן, כאָטש ביינאַכט און אין אָפענעם טראַקל — האָט געבלאָזן אַ וואַרעמער ווינט אין פּנים אַריין. און דאָס אין חודש פעברואַר, ווען אין טשיקאַגאָ און אין ניו־יאָרק פרירן מענטשן.

אָט זענען מיר אין האָליווּד; אין יאָר 1922 איז האָליווּד געווען גרויס ווי אַ דערפל, ווינציק באַפעלקערט. די ארומיקע, אוראַלטע בערג האָבן נאָך געקאָנט חלומען אין דער שטיל זייערע חלומות, אומגעשטערט. ווער האָט זיך געריכט, אַז מיט עטלעכע צענדליק יאָר שפּעטער וועט מען אויף די שטילע בערג אַרויפשטעלן אַזעלכע מאָדערנע הייזער מיט עלעקטרישע ליכטער און אָנשטאָט די הימלישע שטערן, וועלכע באַלויכטן די בערג מיליאָנען יאָרן, וועלן זייער אָרט פאַרנעמען די פילם־שטערנס?

בען האָט זיך שטאַרק געגרויסט מיט „זיין" האָליווּד און מיט „זיין" קאַליפאָרניע. אָבער מיר האָט די לאַנגע גאַס, וואָס מען רופט „האָליווּד" נישט אויסגעזען שענער ווי אַנדערע גאַסן, דורך וועלכע בען איז שוין פאַרבייגעפאָרן. בען האָט געוואָלט פאָרן ווייטער און ווייזן מיר נאָך אַנדערע אינטערעסאַנטע זאַכן אין קאַליפאָרניע, אָבער גיטל האָט אים דערמאָנט, אַז „מאָרגן איז אויך אַ טאָג און די קינדער דאַרפן גיין שלאָפן".

פרייטיק אינדערפרי, באַלד נאָכן איבערבייסן, האָט בען מיך געפרעגט:

„משה, דו ווילסט אפשר מיט מיר מיטפאָרן אויף טעמפּל־סטריט, דו וועסט דאָרט קאָנען פאַרברענגען ביז האַלבן טאָג. ווען איך וועל צומאַכן דאָס געשעפט, וועלן מיר פאָרן אַהיים".

דאָס איז געווען אַ גוטער פאָרשלאָג, און איך בין מיט אים געפאָרן אויף טעמפּל־סטריט. בען האָט געעפנט זיין גראָסערי און הערצקע זיין „בוטשער־שאָפּ". אַז עס זאָל היינט ווערן אַ געלויף, האָבן ביידע געשעפטס־לייט נישט דערוואַרט. „טעמפּל־סטריט איז נאָך דאַנקען גאָט אַ יידישע גאַס און יידן פון דער געגנט וואַרטן נישט ביזן ליכטל" — זאָגט צו מיר בען.

איך האָב זיך אַרויסגעשטעלט אין דרויסן אָנקוקן די יידישע געשעפטס־גאַס און די יידן גופא פון קאַליפאָרניע. לאַנג בין איך נישט געשטאַנען אַליין. עס זענען צוגעקומען יידן, וועלכע האָבן דערקענט, אַז איך בין דאָ א „גרינער", אַ נאָר־וואָס אָנגעקומענער פון דער „איסט". מען האָט זיך ביי מיר נאָכגעפרעגט ווי קאַלט עס איז אין דער „איסט". אַנדערע האָבן געוואָלט וויסן, צי איך בין געקומען בלויז אַ קוק טאָן אויף קאַליפאָרניע, אָדער דאָ צו בלייבן.

איך האָב זיך געלאָזט גיין אָנקוקן די אַנדערע געשעפטן; זיך אָפּגעשטעלט נעבן אַ רעדעלע יידן און צוגעלייגט אַן אויער. פון די יידן האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אָט דאָ, אויף דער גאַס, איז אויפ־געבויט געוואָרן אַ נייע שול און א חדר פאַר קינדער. יידן פאַרמאָגן שוין אַ גמילת־חסד־געזעלשאַפט אויך. אַרויף דער גאַס אין „אליווּר־סטריט" איז פאַראַן נאָך א שול. דערנעבן איז פאראן אַ יידישע קליניק פאַר די אָרעמע, וואָס נייטיקן זיך אין מעדיצינישער הילף. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז איך בין אין ניו־יאָרק: די זעלבע יידן, די זעלבע אינסטיטוציעס, און דער זעלבער האַנדל. מען קומט אַהער אפילו פון די רייכערע געגנטן איינקויפן חלה אויף שבת, פרישע פיש, שמאַלץ־הערינג און אַ יידיש „פּאָמפּערניקל".

מיר האָט זיך געדאכט, אז אָט האָב איך שוין געכאַפּט אַ קוק אויף דער יידישער לאָס־אנזשעלעס אין מיניאַטור. אז איך האָב דאָס שפּעטער געזאָגט מיין חבר בען, האָט ער פון מיר געלאַכט: „דאָס איז נאָך נישט לאָס־אַנזשעלעס, אפילו נישט די יידישע לאָס־אַנזשעלעס, וואַרט, איך וועל דיך באַקענען מיט דער שטאָט" — האָט ער מיר צוגעזאָגט.

ערשט אַרום פיר אַזייגער איז בען געווען גרייט אַהיימצופאָרן. פאָרנדיק זאָגט ער צו מיר: „משה, איך וועל דיך איבערלאָזן אין דער היים און באַלד פאָרן צוריק. פאַרשטייסט, משה, איך וויל זיין אין שול צו קבלת־שבת״.

איך בין געוואָרן איבעראַשט פון זיינע לעצטע ווערטער, אָבער איך האָב געשוויגן. איך האָב געוואָלט, אַז ער אַליין זאָל מיר אויפ־קלערן, וואָס ער מיינט מיט דעם. אָבער בען האָט געשוויגן. ער האָט געפירט דאָס טראָקל אַהיים.

ווען מיר זענען אַריינגעקומען אין שטוב, האָט גיטל זיך דער־פרייט. זי האָט נאָר וואָס אַוועקגענומען פונעם פייער די שבתדיקע פיש, און זי בעט אונדז זיך זעצן צום טיש, וועט זי אונדז דערלאַנגען צו שטיקלעך פיש צום פאַרזוכן.

נאָכן „פאַרזוכן״ גייט בען אַריין אין באָד־צימער, פון וואַנען ער קומט אַרויס אַן איבערגעטוענער אין ריינע מלבושים גאָרנישט צום דערקענען. ווען ער איז גרייט אַוועקצוגיין צו „קבלת־שבת״, רופט זיך בען אָפּ צו מיר: „משה, איך בין דיר שולדיק אַן ענטפער אויף דיין פראַגע, וואָס דו האָסט מיך נישט געפרעגט. דו האָסט זיך דאָך פאַרוווּנדערט, ווען איך האָב געזאָגט, אַז איך דאַרף גיין צו קבלת־שבת. און אײדער איך גיי, וויל איך דיר דערקלערן, וואָס עס האָט געווירקט, אַז איך זאָל דאָ ווערן אַ שול־ייד״:

דו ווייסט גאַנץ גוט, משה, אַז אין דער היים בין איך געווען אַן איבערגעגעבענער בונדיסט; איך האָב זיך געהאַלטן פאַר אַ רעוואָ־לוציאָנער, אַ קעמפער פאַר א בעסערער אָרדענונג. איך האָב גע־מיינט, אַז דורך דעם וועט קומען די ישועה אויך פאַר מיין פאָלק. האָב איך אָבער קיין צייט נישט געהאַט. זיך נישט געקאָנט דער־וואַרטן און כ׳בין אַוועק קיין אַמעריקע. אַמעריקע האָט מיך אויפ־גענומען ווי זי נעמט אויף אַלע מענטשן. זי האָט מיר געגעבן די פרייהייט צו לעבן ווי איך וויל. נישטאָ דאָ קיין „קראָמיע יעוורע־יעוו״; אויב דו וועסט מיך פרעגן צי אַלע לעבן דאָ גלייך, צי עס איז דאָ נישטאָ קיין עקספּלאָאַטאַטאָרן, וועל איך דיר ענטפערן —

יאָ! אָבער דאָס האָט דאָך נישט צו טאָן נאָר מיט אונדז יידן. דאָס געהערט דאָך צו אַלעמען; און מיר האָבן די רעכט צו זיין נישט צופרידן; מיר דריקן דאָס אויס דורך „באַלאָטס". אָבער דאָס איז אַ פּאָליטישע פראַגע. מיר רעדן דאָ וועגן יידן; וואָס, — פרעג איך דיך, משה, — האָט אַזאַ ייד ווי איך געדאַרפט טאָן, ווערן דאָ אַ בונדיסט? וואָס האָט דער בונדיזם מיר געקאָנט דאָ געבן, אַז איך בין דאָ קיין אַרבעטער נישט געוואָרן. צו קיין יוניאָן געהער איך נישט, קיין אינטעליגענט בין איך נאָך ביז איצט נישט געוואָרן, אַז איך זאָל געהערן צו אַ קולטור־קרייז און דער פרעזידענט איז דאָ נישט קיין קייזער, אַז איך זאָל דאַרפן העלפן אים אַראָפּוואַרפן... און ערגעץ האָב איך דאָך געדאַרפט געהערן; אַ מענטש קאָן דאָך נישט זיין נאָר מיט זיך אַליין! ער מוז געהערן צום כלל. טאָ ווער איז דאָ מיין כלל? טאָם? דיק? וואָס פאַר א געמיינזאַמס איז דאָ צווישן מיר מיט זיי? איך פרעג דיך!".

אָט בין איך דאָ אַ באַזעסענער צווישן יידן, איך מאַך דאָ אַ לעבן; איך בין צוזאַמען מיט יידן יעדן טאָג. איך האָב זיך צוגעקוקט ווי זיי, די פּשוטע יידן לעבן זיך דאָ אויס אין דעם פרייען לאַנד. נישט נאָר זענען זיי פריי צו דינען דעם יידישן גאָט, נאָר זיי דינען דעם יידישן פאָלק! זיי האָבן שוין דאָ געגרינדעט בתי־מדרשים און חדרים פאַר יידישע קינדער, ווו מען לערנט זיי יידיש־קייט און מענטשלעכקייט. איך האָב שוין אַמאָל אויך אָנגענומען די האַנט, וואָס זיי שטרעקן אויס צום נויטבאַדערפטיקן. זיי האָבן גע־שאַפן הילפס־געזעלשאַפטן, צו וועלכע מען קאָן זיך ווענדן אין אַ נויטפאַל; אָט די אַלע אויסגערעכנטע זאַכן האָבן מיך צו זיי, צו די דאָזיקע יידן דערנענטערט; איך האָב אָנגעהויבן אַריינצוגיין אין זייער שול; איך האָב דאָרט דערפילט די היימישקייט, די וואַרעמ־קייט, וואָס איין ייד פילט צום צווייטן און איך האָב אַליין דערפילט, אַז איך בין נישט קיין פרעמדער ביי זיי... און ווען מען איז מיט די מענטשן נאָענט און מען לייגט נאָך צו אַ האַנט מיטצוהעלפן דאָרט ווו מען דאַרף, עפנט מען אויך דאָס האַרץ און מענטשן דערקענען

דיך. אַזוי האָבן זיי זיך דערוווּסט, אַז איך בין נישט קיין בלינדער אין די קליינע פּינטעלעך, איך האָב דאָך אַמאָל געלערנט ביז פופצן יאָר. קיין עם־הארץ בין איך דאָך נישט! טאַקע מיט דעם האָב איך ביי זיי אויסגענומען און ווען ס׳איז געקומען אויסצוקלויבן די באַאמטע אין דער שול, האָבן זיי מיך געמאַכט פאַר „גבאי שני״ (ווייס־פּרעזידענט). איצט קאָנסטו שוין פאַרשטיין, פאַרוואָס איך מוז גיין צו קבלת־שבת אין שול אַריין״...

„אָבער איך דאַרף דיר זאָגן, משה, אַז דאָס הייסט נישט, אַז איך בין געוואָרן אַ פרומאַק, און אַז איך היט אָפּ אַלע תרי״ג מצוות. זיי, די שול־יידן, ווייסן דאָס. נאָר זיי פאַרקוקן אויף דעם, ווייל דאָס גוטע, וואָס איך טו, האָב איך פון זיי איבערגענומען. איך טו, וואָס איך קאָן פאַרן יידישן כלל, און פאַרן מענטש. און מיך אַרט נישט ווי יעדער אַנדערער פירט זיך. זאָל זיך יעדער האַלטן ביי זיין גלויבן.

איך בין זיכער, משה, אַז דו האָסט זיך דיין אייגענעם גלויבן. דו וועסט דאָ געפינען פאַר זיך דיינע שולן, דיינע אָרגאַניזאַציעס, און דיינע יידן. איך ווייס, אַז דו וועסט זיך נישט לאָזן גיין אויף מיין וועג; דאָ, אין אַמעריקע, קאָן יעדער איינער טאָן ווי אים געפעלט.

אָט, משה, האָב איך דיר געגעבן מיין ענטפער אויף דיין נישט־געפרעגטער פראַגע״.

איך האָב אים אויסגעהערט מיט גרויס אינטערעס. איך האָב אָבער געטראַכט, אַז איך דאַרף נישט צעשטערן זיין גייסטיקע מנוחה מיט ווייטערדיקע פראַגעס.

און בעו איז געפאָרן אויף טעמפּל־סטריט מקבל־שבת זיין אין שול.

זונטיק איז מען אויפגעשטאַנען מיטן באַגינען. גיטל האָט נאָך געהאַט אַ סך ארבעט אָפּצוטאָן: צוגרייטן דעם איבערבייס (ברעקפעסט) און דעם מיטאָג מיטצונעמען. מ׳האָט דאָך נעכטן באַשלאָסן,

אַז היינט וועט מען, לכבוד דעם גאַסט, מאַכן אַן אַרויספאָר אויפן גאַנצן טאָג.

מ׳האָט אַפילו געפרעגט דעם גאַסט, וווהין זאָל מען מיט אים פאָרן פריער: צום פּאַציפישן ים אָדער אויפן לאנד, אָנקוקן ווי עס וואַקסן די אָראַנזשן? איך האָב דעצידירט, אַז מיר זאָלן פאָרן אָנקוקן די אָראַנזש־גערטנער.

עס איז געווען אַ וווּנדערלעכער פרימאָרגן. די זון איז אויפ־געקומען און באַלויכטן דאָס גרינע בערגל אונטער בענס שטוב. דאָס טראָקל, אויף וועלכן מיר אַלע האָבן זיך אַרויפגעזעצט, האָט בען פריער צוגעגרייט אַזוי, אַז עס איז געווען גאַנץ באַקוועם צום זיצן, כאָטש עס האָט אַ ביסל אונטערגעטרייסלט.

בען האָט דורכגעשניטן דעם טייל שטאָט, וואָס האָט געפירט צו דער נייער יידישער געגנט „באָויל־הייטס״. דאָרט האָבן דאַן געוווינט אַ סך יידן. ער איז געפאָרן אויף ברוקלין־עוועניו, די „ביזנעס־גאַס״. זי האָט זיך ערשט געהאַלטן אין אויסשפּרייטן. די גאַס סאָטאָ איז געווען אַ סאָרט „ריווערסייד דרייוו״, ווייל אויף אָט דער גאַס, וועלכע האָט אויסגעזען ווי אַ פּאַרק מיט ביימער און בלומען, האָבן שוין געוווינט די רייכערע יידן. נאָך נישט אַלע היי־זער זענען שוין געווען פאַרנומען פון יידן. איינגעשפּאַרטע גויים האָבן נישט געוואָלט פאַרקויפן זייער פאַרמעגן צו יידן. שפּעטער איז די גאַס געוואָרן „גויים־ריין״ — עס האָבן זיך דאָ איינגעאָרדנט יידישע קולטור־מעגנטשן און יידישע אינסטיטוציעס.

באַלד איז בען פאַרבייגעפאָרן אַ שפּאָגל־נייעם צענטער, וועל־כער האָט נאָך געפּוסטעוועט, קיין סך הייזער זענען נאָך נישט גע־ווען, בלויז שילדלעך מיט אויפשריפטן: „לאָטס פאָר סייל״ (פּלע־צער צו פאַרקויפן). שפּעטער איז די געגנט געוואָרן באַפעלקערט. אַ סך יידן האָבן זיך באַזעצט סיי אויף דעם פלאַכן לאַנד און סיי אויף די בערג. דאָ איז געוואָרן דער יידישער צענטער מיטן נאָמען „סיטי־טערעז״.

פון דאַנען האָט בען זיך פאַרקערעוועט צו מזרח, אויף גאַר־דוויי־ראָוד, ווו מ׳האָט געקאָנט זען אַ סך פערמעס. דער באָדן איז געוואָרן באַאַרבעט דורך יאַפּאַנער, אָבער די ערד האָט צו זיי נישט געהערט: יאַפּאַנער האָבן דאַן נאָך נישט געטאָרט קויפן לאַנד אין קאַליפאָרניע. זיי האָבן דעריבער דעם באָדן גענומען אין אַרענדע.

שפּעטער איז בען אַרויף אויפן הויפּט־שאָסיי „וואַלי בול־וואַרד" און מיר זענען געפאָרן צווישן די אָראַנזש־וועלדלעך פון ביידע זייטן וועג. פאָרנדיק אויף דעם וועג האָב איך געזען די הוי־כע בערג „ווילסאָן" און „לאָו". דער ווייסער שניי האָט געלויכטן אויף זייערע רוקנס.

בען האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ ווײַלע נעבן אַ קיאָסק ווו מען פאַרקויפט פּאָמעראַנצן. אין יענער צייט האָט מען געקאָנט זיך פאַרגינען צו עסן פּאָמעראַנצן: אַ קעסטל פּאָמעראַנצן האָט גע־קאָסט פינף און דרייסיק ביז פופציק סענט (הייַנט באַצאָלט מען 5—10 סענט פאַר איין אָראַנזש).

איינגעקויפט די אָראַנזשן — איז בען געפאָרן ווייטער דורך די שטעטלעך: אַלאַמבראַ, סען גאַבריל, על־מאָנטי און פּאָמאָנאַ.

אין פּאָמאָנאַ האָט זיך בען אָפּגעשטעלט, כדי לאָזן זיין פערדל אָפּקילן זיך אַ ביסל. עס האָט שוין טאַקע די „יאַדישליווע" געהאַלטן אין איין הוסטן און סאָפּען... די צוויי יאָטעלעך האָבן זיך די ערשטע אַראָפּגעכאַפּט פונעם טראַקל. נאָך זיי זענען מיר אויך אַראָפּ אויסגלייכן זיך די פיס. דערביי האָט בען מיך געפרעגט:

„זאָג מיר, משה, וועלכעס פון די שטעטלעך, וואָס דו האָסט שוין געזען, געפעלט דיר בעסער". איך האָב געטראַכט אַ ווײַלע און נישט געוועזן זיכער וועלכעס אָנצורופן. פון מיין שווייגן האָט בען געדרונגען, אַז קיינס פון זיי איז מיר נישט געפעלן און ער האָט באַלד פאַרגעשלאָגן, אַז מיר זאָלן פאָרזעצן דאָס פאָרן ביז צום שטעטל אָנטאַריאָ.

מיר האָבן אַלע צוריק זיך אויפגעזעצט און בען איז געפאָרן נאָך זעקס מייל. אַ האַלבע שעה שפּעטער איז מען אָנגעקומען אין

שטעטל. בען האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער הויפּט־גאַס מיט דעם נאָמען יוקליד־עוועניו.

דער אָנבליק פון דעם שטילן שטעטל האָט פאַרכאַפּט מיין בליק, אַז איך האָב אַזש נישט געקאָנט אַרויסרעדן קיין וואָרט. די גאַס איז געווען ווי א לאנגער שמאָלער וואַלד: ביימער אויף ביידע ברעגן פונעם גרינעם גראָז, וואָס האָט זיך געצויגן ווייטע מיילן, אַזש ביז צו די בערג. און אויף דעם באַרג „באַלדי״ האָט געלויכטן דאָס שניי־היטל אויף זיין ווילדן קאָפּ, ווען אונטן אין טאָל האָט אַלץ געגרינט.

און דאָס שטעטל האָט מיר אויסגעוויזן, ווי איך וואָלט עס שוין האָבן געזען דאָרט אין דער אַלטער היים: די זעלבע שטיל־קייט ווי אין אַ יידישן שבת. די קראָמען צוגעמאַכט, די דאַווענער מיט די ביבלס אונטער די אָרעמס גייען באַזאַכט פון זייערע קלויס־טערס אַהיים. אויף אונדז קוקן זיי מיט גרויס חידוש...

גיטל האָט אָפּגעזוכט אויפן גראָז אַ שאָטנדיק אָרט און דאָרט פאַרשפּרייט איר געבלימלט טישטעך. די צוויי יאָטעלעך זענען געשטאַנען גרייט צום באַפעל, צו ברענגען די טעלער מיטן גאַנצן מיטאָג, וואָס גיטל האָט צוגעגרייט. בען האָט נישט אַוועקגענומען זיינע אויגן פון מיר.

נאָכן עסן האָבן בענס יאָטלעך, מאָרי און אורווינג, געבערענגט פונעם טראַקל זייער פּילקע און גענומען זי וואַרפן איינער צו דעם אַנדערן. טאַטע־מאַמע זענען געזעסן אויפן גראָז און געשעפּט נחת.

איך האָב זיך אויפגעשטעלט און גענומען אַוועקשפּאַצירן אָנ־קוקן נאָכאַמאָל דאָס שיינע שטעטל. איך האָב אַריינגעאָטעמט אין זיך די שמעקנדיקע לופט, זיך פאַרקוקט צו דעם הויכן מיט שניי באַדעקטן באַרג.

דאָס גאַנצע שטעטל (די געשעפט־געגנט) האָט פאַרנומען צוויי גאַסן. אַלע קראָמען זענען געווען צוגעמאַכט. איך האָב זיך צוריק־געקערט צו מיינע פריינד מיט א שמייכל אויפן פּנים.

בען האָט מיך אַ ווײַלע אָנגעקוקט און ער האָט ביי מיר גע־פרעגט :

„נו, משה, ווי געפעלט דיר דאָס שטעטל ?״.

איך האָב נישט געפונען צו זאָגן אים דאָס ריכטיקע וואָרט. איך האָב געשוויגן און בלויז מיט דער האַנט אַ וויַיז־געטאָן אויפן באַרג.

בען האָט פארשטאַנען. ער האָט מער נישט געפרעגט.

גיטל האָט געזאָגט מ׳זאָל שוין פאָרן צוריק אַהיים איידער עס ווערט נאַכט.

בען האָט פאַרנומען אין דעם טישטעך אַריין אַלץ וואָס עס איז פאַרבליבן פונעם מיטאָג, און מיר האָבן זיך אויסגעזעצט אויפן טראקל ; בען האָט אויפגעזונגען אַ היימיש פאָלקס־לידל און דאָס טראַקל האָט אַוועקגערעדלט נאָך גיכער ווי מיר זענען אַהער גע־קומען.

## קאַפּיטל זעקס

גיטל און בען זענען גוט צו מיר. זיי ווייסן, אַז איך בין אַהער־געקומען צוליב מיין שוואַכן געזונט. אָבער איך נעם שוין טראַכטן וועגן תכלית. צוויי וואָכן „וואַקאַציע" איז גענוג פאַר איינעם, וואָס טראַכט צו ברענגען אַהער א פאמיליע. דארף מען גיין זוכן אַ דזשאב. מען דאַרף זוכן אין דער ענגלישער צייטונג. צווישן די אַנאָנסן געפינט מען אויך דעם „בארבער־וואנטעד" (מען דאַרף אַ באַרבער). ווען איך מעלד זיך אויף דעם אָנגעמערקטן פּלאַץ (באַר־בער־שאַפּ), קוקט יענער קודם כל אויף מיין „נאָז"... אויב זי געפעלט אים נישט, איז דער ענטפער: „שוין פאַרנומען!". דאָס חזרט זיך איבער כסדר: „פאַרנומען".

פונדעסטוועגן ווער איך נישט פאַרצווייפלט. איך בין דאָך אַ ייד, איז עס פאַר מיר נישט קיין נייעס. איך באַשליס צו האָבן אַ ביסל געדולד, נישט איילן זיך, ביז — דאָס יידישע מזל וועט מיר אַנטקעגנקומען.

דערווייל דאַרף מען באַקוקן די שטאָט. דער צענטער (דאון־טאון) איז נאָך קליין. ער פאַרנעמט א קליינעם שטח, אָבער ער האַלט זיך שוין אין אויסשפּרייטן. מען בויט געשעפטן און הייזער. וואָלט איך געהאַט א סך געלט, וואָלט זיך געלוינט צו קויפן עטלעכע „לאטס", אפילו אויף ווילשייער בולוואַרד. מענטשן זענען רייך גע־וואָרן אין יענער צייט „איבערנאַכט". איך האָב אָבער געמוזט זוכן א שטעלע צו ארבעטן אין א בארבער־שאַפּ.

אין אַ וואָך אַרום האָב איך ווידער געזוכט אין צייטונג. דער־זען אַן אַנאָנס בין איך גלייך געלאָפן צו זיין דער ערשטער. דער פּלאַץ איז אין סאַמע צענטער שטאָט — בראָדוויי און ערשטע גאַס.

מיין האַרץ קלאַפּט שטאַרק: וועל איך דאָ הערן דעם זעלבן ענטפער? איך גיין אַריין, דער באָס, וואָס שטייט נעבן דער ערשטער שטול, באַקוקט מיך דורך זיינע ברילן און פרעגט: „יהודי?”... איך דערפיל ווי דאָס האַרץ טיאָכקעט שטאַרקער, אָבער איך ענטפער — „יאָ”. און קוק אויף אים מיט אומצוטרוי.

צו מיין איבעראַשונג הער איך פון אים: „יו גאָו טו לעסט טשער” (דו גיי צו דער לעצטער שטול). — מיר דוכט זיך, אַז דאָס איז אַ חלום. איך ריר זיך נישט פונעם אָרט. אָבער ער הייסט מיר נאָכגיין נאָך אים און שטעלן זיך צו דער אַרבעט. דאָ זאָגט ער שוין אַ צוויי ווערטער און יידיש. ווייס איך שוין, אַז ער איז אַ ייד. אויפן האַרצן ווערט מיר גרינגער, אָבער איך בין נאָך אַלץ אַ ביסל דענערווירט... דער צופאַל האָט מיך געבראַכט צו יידן, אָדער מיין מזל האָט מיך אַהער געפירט? אָבער וואָס איז דער אונטערשיד, אַבי איך האָב אַ שטעלע צו אַרבעטן.

איך כאַפּ זיך אָבער באַלד, אַז אויף דעם דאָזיקן פּלאַץ פּאַס איך זיך נישט — איך אַרבעט צו שנעל.

עס אַרבעטן דאָ נאָך פיר באַרבערס (קריסטלעכע) און זיי אַרבעטן פּאַמעלעך. איידער זיי באַדינען איין „קאַסטימער”, — ווער איך פאַרטיק מיט צוויי. דאָס שאַפּט בייז בלוט. זיי קוקן אויף מיר קרום... זיי בורטשען טאַקע אינדערשטיל, אָבער גענוג הויך, אַז איך זאָל עס דערהערן. זייערע בליקן שטעכן מיך אַדורך. צום גליק איז דער באָס אַ ייד. פונדעסטוועגן בין איך באַזאָרגט: איך בין נאָך נישט זיכער צי שבת ביינאַכט וועט דער באָס מיך נישט אַוועקשיקן. זיי זענען דאָך פיר און איך איינער. די מערהייט מוז דאָך געווינען. אָבער יעדן טאָג, וואָס איך אַרבעט אָפּ, זעט דער באַלעבאָס, אַז מיין „טשער” (שטול) נעמט באַלד אַריין צוויי מאָל אַזויפיל, ווי די אַנדערע „טשערס”. דאָס איז שוין צו מיין טובה. אַנטקעגן דעם קאָנען די פיר באַרבערס נישט קעמפן. זייערע הענט זענען צו פּאַמעלעכדיק.

איך קוק שוין אויס אויף דעם לעצטן טאָג אין דער וואָך, אויף

שבת. און ווי אויף להכעיס קומען דעם טאָג אַ סך „קאסטימערס״ זיך זעצן אויף מיין „טשער״. אַפּנים, אַז מיין ארבעט נעמט אויס בעסער. דער באָס, מיט זיינע ברילן אויף די אויגן קוקט אָפּט אַריבער צו מיר. דאָס מאַכט מיר אַ ביסל לייכטער אויפן האַרצן. איך טראַכט, אז עס וואָלט געווען נאַריש מיך אַוועקצושיקן, דער־פאַר, ווייל איך נעם אריין מער געלט.

פאַרנאַכט. די אַרבעט איז פאַרענדיקט. דער באָס שטעלט זיך צום רעדזשיסטער, ער ציילט די „קוויטלעך״ (טשעקס), וואָס יע־דער באַרבער האָט אָנגעשריבן און ער רעכנט אויס דעם פּראָצענט וואָס ער דאַרף אַראָפּנעמען פאַר זיך און דעם רעשט געבן דעם באַרבער. מיך רופט ער צום לעצט. ער גיט מיר איבער מיין „פּיי־דע״ (געהאַלט) און ער זאָגט צו מיר אין אַ שלעכטן יידיש:

„דו א גוטער באַרבער... קיפּ איט אפּ״ (האַלט עס אָן)...

איך בין אַוועק פון אים מיט אַ געפיל, אַז פון איצט אָן וועל איך נישט דארפן זאָרגן וועגן א שטעלע צו אַרבעטן. פּרנסה וועט שוין זיין. און איך האָב גלייך גענומען גרייטן זיך אַריבערצונעמען מיין קליינע פאַמיליע...

דערווייל האָב איך געדונגען אַ וווינונג. נישט קיין גרויסע דירה, צוויי צימערן מיט אַ קיך, וועט שיינע האָבן ווינציקער אַר־בעט. די דירה איז אויך נאָענט צום טעמפּל־סטריט, דער יידישער געגנט, וועט זי זיך דאָ באַקענען מיט יידישע מענטשן און מיינע קינדער וועלן נישט דאַרפן גיין ווייט צו דער „סקול״. נאָר ביז זיי וועלן קומען, פאַרנעם איך זיך דערווייל מיט דער וווינונג, ביס־לעכווייז קויף איך איין די נייטיקסטע זאַכן פאַר דער נייער היים.

מילא, דעם גאַנצן טאָג, וואָס איך בין פאַרנומען מיט דער אַרבעט, קאָן איך נישט טראַכטן צופיל וועגן זיך. אָבער ביינאַכט, בפרט ווען מ׳איז איינער אַליין, פאַרטראָגן מיך מיינע געדאַנקען צו די פאַרגאַנגענע טעג און יאָרן, אַהין, ווו איך האָב איבערגעלעבט אַלע מיינע שווערע טעג, אָנהייבנדיק פון מיין פריסטער יוגנט ביז נאָך מיין חתונה. דערנאָך מיינע וואַנדערונגען: פריער קיין אַמע־

ריקע און דערנאָך אין אַמעריקע גופא, פון איין שטאַט אין דעם אַנדערן, ביז לאָס־אַנזשעלעס; אַזויפיל מאָל שוין אויפגעשטעלט פאַר זיך אַ היים — אָבער נישט אויף לאַנג. און וואָס וועט זיין ווייטער? ווי לאַנג איז מיר באַשערט צו וווינען אין דער דאָזיקער היים, וואָס איך גרייט איצט צו? ווער קאָן מיר זאָגן?

דערווייל גייען פאַרביי וואָכן, מיין געזונט פאַרבעסערט זיך און איך פאַרדין ביי מיין אַרבעט זייער גוט. איך שפּאָר אַ דאָלאַר צו אַ דאָלאַר: בויען אַ היים קאָסט געלט.

ענדלעך בין איך גרייט אויפצונעמען מיין משפחה. שוין אַוועקגעשיקט אַ בריוו מיט אַלע איינצלהייטן. איך וואַרט אויף אַן ענטפער פון מיין פרוי.

נאָך פסח דערהאַלט איך דעם בריוו פון ניו־יאָרק: מיין פרוי שרייבט מיר, אַז גלייך נאָך שבועות וועט זי מיט די קינדער קאָנען אַרויספאָרן פון ניו־יאָרק. אַ טאָג פריער וועט זי מיר טעלעפאָנירן ווען זי וועט אָנקומען קיין לאָס־אַנזשעלעס. זי דערמאָנט אָבער נישט מיט קיין איין וואָרט וועגן איר געזונט. איך טייטש דאָס אויס צום גוטן.

מיט אומגעדולד דערוואַרט איך דעם יום־טוב שבועות. דאָס וועט דאָך זיין דער לעצטער „עטאַפּ" פון אונדזער וואַנדערן.

ווען די באַן קומט אָן, בין איך גרייט יעדע מינוט צו פאָרן צום וואָקזאַל, ווו די באַן וועט זיך אָפּשטעלן און אַרונטערלאָזן מיין פרוי מיט די קינדער.

קיין גליקלעכערע מענטשן פון אונדז זענען נישט געווען אין יענעם מאָמענט, ווען זיי זענען אָנגעקומען און דערנאָך, ווען איך האָב זיי געפירט אין אונדזער נייער היים.

מיין פרוי שיינע איז גליקלעך מיט איר היים. אַלץ איז ווי זי האָט זיך פאָרגעשטעלט. און מיינע קינדער פרייען זיך מיט קאַליפאָרניע, מיט דער „סקול". זיי זענען צופרידן. צו מיר רעדן זיי ענגליש, נאָר צו זייער מאַמען רעדן זיי יידיש.

אַזוי זענען געלאָפן טעג און חדשים. עס האָט אויסגעזען ווי דאָס גוטע מזל וואָלט אונדז געטריבן אַהער. אַז דאָ, אויפן קאַלי־פאָרניער באָדן וועלן מיר זיך פאַרוואָרצלען און גדייען... מסתמא איז דאָס דאָך עמעצנס ווילן...

אָבער מער ווי זעקס חדשים האָט דאָס גוטע ביי אונדז נישט געדויערט. שיינע האָט זיך גענומען באַקלאָגן אויף איר האַרץ. אַ דאָקטער האָט זי אונטערזוכט און איז געקומען צו דעם אומגליק־לעכן אויספיר, „אַז שולדיק איז דער „טייראָד גלענד". אויפן מעדי־ציניש לשון רופט ער דאָס אָן „טאָקסי־גויטער". צו דער קראַנקייט איז נאָך נישט אויסגעפונען געוואָרן קיין רפואה. מען מוז דעם „גויטער" אַרויסשניידן מיט א מעסער...

הכלל, דער בנין שאָקלט זיך שוין ווידער... שיינע מוז אָנקו־מען אין אַ שפּיטאָל. מען דאַרף פאַר איר א גוטן דאָקטער. און פאַר דעם איז מיין קאַפּיטאַל נאָך צו קליין. דאָס גליק איז, וואָס מיין חבר בען ווייסט אין וואָסער „טיר" מען דאַרף אָנקלאַפּן, אַז די הילף זאָל געגעבן ווערן.

די יידן דאָ אין שטאָט, כאָטש זיי זענען נאָך נישט אין אַ גאָר גרויסער צאָל, פאַרמאָגן זיי שוין אָבער אַן אייגן שפּיטאָל. דער נאָמען פון שפּיטאָל איז „קאָספּער־קון" און ער געפינט זיך גאָר ווייט פון שטאָט. אָבער קיין אָפּהאַלט, אַז זי זאָל אַהינגיין איז עס נישט. מען נעמט זי אַריין, הגם זיי ווייסן, אַז איך פאַרמאָג נישט די מיטלען צו באַצאָלן. אָבער מען דאַרף אַ גוטן כירורג פאַר דער אָפּעראַציע. שיקט דאָס גאָט אויך צו. אַ גאָר באַוווּסטער כירורג, וואָס קומט אַריין אין יענעם שפּיטאָל, פאַראינטערעסירט זיך מיט דער „קייס" און ער איז מסכים צו מאַכן די אָפּעראַציע אָן געלט. מענטשן זאָגן מיר, אַז דאָס איז אַ גליק, ווייל דער דאָקטער האָט אַ נאָמען אין שטאָט. אָבער וואָס זאָל איך דערווייל טאָן מיט די צוויי קליינע קינדער. ווי אַזוי באַווייזט מען אַ קונץ, אַז איך זאָל אי אַר־בעטן אי אכטונג געבן אויף זיי? אָבער ווי זאָגט דאָס ווערטל: „נויט ברעכט אייזן". מען גיט זיך אַן עצה, מען מאַכט פשרות.

די אָפּעראַציע איז געלונגען. אַזוי זאָגט דער דאָקטער. מ׳האַלט זי אין שפּיטאָל פיר וואָכן און מען הייסט מיר זי נעמען אַהיים.

די קינדער דערפרייען זיך: די מאַמע איז שוין אינדערהיים. אָבער די מאַמע איז אַ קראַנקע, אַן אָפּגעשוואַכטע, וויפל קאָן זי פאַר זיי טאָן? אמת, די אָפּעראַציע איז געלונגען, אָבער דאָס הארץ וויל דערפון נישט וויסן... זי איז ווידער אין זעלבן צושטאַנד. זי באַקלאָגט זיך אויפן האַרץ. עס קומט דער הויז־דאָקטער און דער־קלערט מיר, אַז מען האָט דעם „טייראַד גלענד״ נישט אינגאַנצן אויסגעשניטן... עס וואָלט געשטעלט איר לעבן אין געפאַר... אָבער מען מעג פּרווון אַ צווייט מאָל. דער זעלבער כירורג וועט עס טאָן... קיין ברירה איז נישטאָ, גייט זי צוריק אין שפּיטאָל.

איצט איז שוין ווידער דאָס אייגענע. ניין, נאָך אַ ביסל ער־גער: איצט דאַרף איך גיין צו מיין אַרבעט, אַכטונג געבן אויף די קינדער און פאַרנאַכט פאָרן צו מיין פרוי אין שפּיטאָל. דאָס איז שווער אפילו פאַר א פולשטענדיק געזונטן, בפרט נאָך פאַר מיר. פאַר די קינדער טויג עס אויך נישט, זיי מוזן האָבן ווער עס זאָל אויף זיי אַכטונג געבן.

איך טראַכט וועגן אויפגעבן מיין אַרבעט. איך דערצייל מיין באַלעבאָס וועגן מיין פּלאַן. ער הערט מיך אויס מיט סימפּאַטיע און ער מאַכט מיר דעם פאָרשלאַג איך זאָל אַרבעטן „אויף פּראָצענט״ (קאָמישאָן), און דאַן וועל איך נישט מוזן זיין דעם גאַנצן טאָג אין שאַפּ. מיר געפעלט זיין פּלאַן און איך הייב אָן צו אַרבעטן האַלבע טעג. דאָס גיט מיר מער צייט פאַר די קינדער.

אינגיכן ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז איך בין גאָרנישט אַזאַ גוטער אויפפּאַסער אויף די קינדער. קינדער דאַרפן מען זאָל זיי נאָכגיין יעדן טריט און דאָס קאָן איך נישט. מיין חבר בען קומט מיט אַ פאָרשלאָג, אז איך זאָל די קינדער צייטווייליק אַריינגעבן אין דעם „דזשואיש האוס״, וואָס געפינט זיך אויף דער גאַס „עדעמס״. אָבער מיינע קינדער זענען דאָך נישט חלילה קיין יתו־

מים. און דאָס ווענדט זיך דאָך אין זיי אויך, צי ווען זיי גיין אין אַ „האוס״. און זיי ווילן טאַקע נישט.

זוכט מען אַנדערע תחבולות.

ד'ערוווייל קום איך צום באַשלוס, אַז כדי מיר זאָל ווערן גרינ־גער, דאָס פאָרן אין שפּיטאָל יעדע נאַכט, וועל איך זיך באַזעצן נעענטער צום שפּיטאָל, וואָס געפינט זיך אין דער יידישער געגנט „בויל־הייטס״. פון דאָרטן צום שפּיטאָל איז נישט ווייט.

דינג איך אַ דירה אויף דער גאַס מאלאבאר. די קינדער וועלן נישט דאַרפן ווייט גיין אין דער „סקול״. צווייטנס, וועלן זיי זיין צווישן יידישע קינדער און יידישע שכנים, אין דער צייט, וואָס איך בין נישט אין דער היים.

מיט אַכט וואָכן שפּעטער נעם איך צוריק אַ היים מיין פרוי פון שפּיטאָל. זי מוז אָבער האָבן אַ דאָקטער, וואָס זאָל קומען צו איר אַלע פּאָר טעג. אין יענער צייט האָב איך זיך שוין געקענט מיטן טייערן מענטש ד״ר בלעס. אז איך דערצייל אים וועגן מיינע צרות, נעמט ער קומען צו אונדז דריי מאָל אַ וואָך. אַ חוץ דעם פרייען וויזיט, קויפט ער נאָך די רעצעפּטן פון זיין קעשענע. אָבער וואָס העלפט עס, ער קאָן איר נישט אריינזעצן קיין נייע האַרץ. ער קומט צום באַשלוס, אַז דאָס גלייכסטע וועט זיין, ווען ער וועט העלפן זי אַריינגעבן אין שטאַטישן שפּיטאָל. דאָרטן וועט מען זי האַלטן, ווי לאַנג זי וועט זיך נאָר נייטיקן אין הילף.

דער שפּיטאָל איז גראָד נאָענט פון מיין היים. אַ צוואַנציק מינוט צו גיין. איז עס פּאַר מיר אויך אַ פאַרלייכטערונג. איך וועל קאָנען צו איר גיין יעדן טאָג, ווען איך קום פון דער אַרבעט, אויף דער נאַכט וועל איך קאָנען זיין מיט די קינדער.

הכלל, שיינדל איז שוין ווידער אין שפּיטאָל. נישט אינעם יידישן (דאָרט האָט מען זי מער נישט געוואָלט אַריינעמען), נאָר אין שטאַטישן. ווען איך קום צו איר, באַקלאָגט זי זיך נישט, פאַר־קערט, זי פילט זיך דאָ אַ סך פרייער. זי האָט דאָ אַ שכנטע, אַ יידי־שע פרוי, מיט וועלכער זי קאָן זיך אַדורכרעדן. זי שטעלט מיך

פאָר פאַר דער פרוי און איך דערוויס זיך, אַז זי איז די פרוי פון־
געם שרייבער ל. שפּירא. אויפן צווייטן טאָג האָב איך זיך אויך
באַגעגנט מיטן באַקאַנטן שרייבער און מיר האָבן ביידע געשמועסט
וועגן אונדזערע געמיינזאַמע צרות...

איצט ווייס איך שוין, אַז עס וועט דויערן אַ לענגערע צייט, ביז
די קראַנקע וועט קאָנען אַכטונג געבן אויף אירע קינדער. איך רעד
איבער מיט די קינדער, און זיי „באַשטייען", אַז איך זאָל זיי אַריינ־
געבן אין דער „האום", ביז זייער מוטער וועט אַהיימקומען.

איך בין איצט אַ „פרייער מענטש" — אָך און וויי צו אַזאַ
פרייקייט... דאָס אייגענע ביסל געזונט ווערט מיר אַלץ שווערער
אויפצוהאַלטן... צו די קינדער דאַרף איך גיין כאָטש צוויי מאָל אַ
וואָך; צו דעם קראַנקן ווייב אין שפּיטאָל — יעדן נאָכמיטאָג. און
צו דער אַרבעט דאַרף איך דאָך אַוודאי גיין יעדן פרימאָרגן ביז
איינס אַזייגער. דער איינציקער ליכטיקער פּונקט אין מיין לעבן
איז די יידישע סביבה. איך באַקען זיך דאָ מיט קולטור־מענטשן,
מיט שעפער פון דער יידישער קולטור: מיט דעם דיכטער רויזנ־
בלאַט, מיט ש. מילער, ד"ר בלעס, ל. מאַלאַמוט און אַנדערע. איך
ווער אַן אַריינגייער אין דעם פאָלקסהויז אויף סאטא־גאַס. דאָ
באַקען איך זיך מיט נאָך אַ סך מענטשן, וועלכע געהערן צו פאַר־
שידענע „איזמען" און צו קלובן. מיך פאַראינטערעסירט דער
„שרייבער־קלוב".

אָבער די טיר, אין וועלכער איך דאַרף אָנקלאַפּן, איז צוגע־
מאַכט אויף עטלעכע שלעסער. איך דערוויס זיך, אַז דער „שריי־
בער־קלוב" איז געגליכן צו די אַמאָליקע ענגלישע צעכן, וווּ נישט
יעדן איינעם האָט מען דאָרט געוואָלט אַריינגעמען; אַז דער „קלוב"
האָט אַ „סטאַטוט" און די, וועלכע קאָנען נישט אַריבער די „גרעג־
ניץ", ווערן נישט אָנגענומען אַלס מיטגלידער אין קלוב. דער בעל־
זוכה דאַרף באַווייזן, אַז ער האָט שוין געהאַט זיינע שריפטן אין
דרוק. נו, און איך האָב מיינע „ווערק" נאָך נישט געהאַט אין
דרוק... אמת, איך האָב פאַרעפנטלעכט עטלעכע אַרטיקלען אין די

טשיקאַגער צייטונגען, אָבער דאָס זענען נישט קיין „ווערק"...
דערפאַר האָב איך געמוזט זיך האַלטן פון דערווייטנס: אַ רואה
ואינו נראה בין איך געוואָרן. איך האָב געזען אַלעמען, אָבער מיך
האָט קיינער נישט געזען.

אַזוי איז מיר באַקאַנט געוואָרן, וואָס עס קומט פאָר אויף דער
יידישער גאַס סיי פּאָליטיש און סיי קולטורעל.

אין יענע יאָרן — 1924 — זענען אָנגעקומען קיין לאָס־אַנ־
זשעלעס נאָך יידישע שרייבער: דער דיכטער מ. מ. דאָליצקי, מיט
וועמען איך האָב זיך שפּעטער באַפריינדט אונטער נישט קיין גינ־
סטיקע (פאַר אים) אומשטענדן. ער איז קראַנק געוואָרן און מ'האָט
אים אַריינגענומען אין שפּיטאָל „סידערס אָף לעבאַנאָן". איך בין
דאָרט געווען יעדן טאָג (געאַרבעט דאָרט) און נישט פאַרפעלט צו
זען אים. ער האָט זיך באַקלאָגט אויף דעם, וואָס די שרייבער באַ־
זוכן אים נישט. דער איינציקער, וואָס איז געקומען צו אים איז
געווען דער פאַרשטאָרבענער שרייבער ישראל אָסמאַן.

אין יענער צייט האָב איך זיך באַקענט מיטן באַרימטן שריי־
בער יונה ראָזענפעלד. איך פלעג אים באַגעגענען אויף ברוקלין
עוועניו און מיר פלעגן שמועסן. זיין פרוי האָט מיר דערציילט, אַז
איר מאַן ליידט שטאַרק אויף קאָפּ־ווייטיק און בעת ער שרייבט
זיין וואָך־אַרטיקל פאַר דער צייטונג, מוז זי כסדר אים לייגן קאָמ־
פּרעסן צום קאָפּ.

איך האָב זיך באַפריינדעט מיטן שרייבער דוד גיסנעט. ער איז
געווען אַ ווילער מענטש. מער ווי מיט אַנדערע האָב איך ליב גע־
האַט צו רעדן מיטן דיכטער אַלטער עסעלין. ער איז געווען איינער
פון די פיינע דיכטער, וואָס איז אַליין אַ פּראָלעטאַריער.

איך האָב זיך בעסער באַקענט מיט דעם רעדאַקטאָר פון דער
צייטונג „שטערן", י. ל. מאַלאַמוט. איך האָב אים פאַרטרויט, אַז
איך האָב אַ פּאָר אָנגעשריבענע דערציילונגען. און ער האָט זיי
מיר געהייסן ברענגען צו אים אין רעדאַקציע. ער האָט זיי

אָפּגעדרוקט. איין דערציילונג האָט ער געדרוקט אין דריי פּאָרזע־צונגען. אַ גרויסע איבעראַשונג איז פאַר מיר געווען, ווען איך האָב אים געברענגט אַ מעשהלע לכבוד פּסח און ער האָט מיר באַצאָלט פינף דאָלאַר. ער האָט אַפילו געשריבן אַן עדיטאָריעל אין „שטערן" און מיך דערמוטיקט, אַז איך זאָל ווייטער שרייבן.

אין 1925, ווען מאַלאַמוט האָט אַרויסגעגעבן דעם פאַרגרע־סערטן זשורנאַל „זונלאַנד" אַלס יובל־נומער, האָט ער מיך גע־בעטן, אַז איך זאָל עפּעס ברענגען פאַר דעם נומער. און ער האָט דאָס אָפּגעדרוקט.

אין יענער צייט האָב איך געהאַט אָנגעשריבן אַ דערינערונג פון מיין שטעטל. איך האָב זי צוגעשיקט צום „יידישן זשורנאַל" אין קאַנאַדע. איך האָב אַ לאַנגע צייט נישט געהאט קיין ענטפער, און בין שוין געווען זיכער, אַז מ׳וועט עס נישט דרוקן.

שפּעטער האָט זיך געגרינדעט אין לאָס־אַנזשעלעס די גרופּע „מערב". די יידישע שרייבער, וועלכע זענען שוין געווען אָרגאַ־ניזירט אונטער פאַרשידענע נעמען (שפּעטער וועל איך וועגן זיי גענויער שרייבן), האָבן זיך ווידער אָרגאַניזירט און איך בין אויך געוואָרן אַ מיטגליד פון דער דאָזיקער גרופּע. די גרופּע האָט באַ־שלאָסן אַרויסצוגעבן אַ זשורנאַל מיט דעם נאָמען „מערב" און אויסגעקליבן דעם שרייבער יצחק האָראָוויץ אַלס רעדאַקטאָר. דע־מאָלט האָב איך שוין געוואַגט דעם רעדאַקטאָר אָנצובאָטן מיינס „אַ זאַך". די „זאַך", וואָס איך האָב געוואָלט געבן פאַרן „מערב", האָב איך געהאַט צוגעשיקט צום „יידישן זשורנאַל" קיין קאַנאַדע. אָבער היות ס׳איז שוין אַוועק אַ לאַנגע צייט און איך האָב נישט געוווּסט צי מען וועט דאָרט די „זאַך" אָפּדרוקן, האָב איך זי אי־בערגעשריבן און געוואָלט עס געבן האָראָוויצן פאַרן „מערב".

אָבער ווען איך האָב זיך באַגעגנט מיט האָראָוויצן אויף סאָ־מאָ־גאָס, כדי אים איבערצוגעבן דעם מאַנוסקריפּט, קומט אָן מיי־נער אַ באַקאַנטער, אַ לייענער פון דעם קאַנאַדער „יידישן זשור־נאַל", און ער ווייזט מיר די צייטונג מיט דעם מעשהלע, וואָס איז

דאָרט אָפּגעדרוקט... בין איך דערפאַר אין „מערב" נישט געווען פאַרטראָטן.

אין בויל־הייטס, אויף דער יידישער גאַס, האָט דאַן געוועל־טיקט די „לינקע באַוועגונג". זייער בייטראָג צום יידישן קולטור־לעבן איז באַשטאַנען אין זידלען די „רעכטע" און בכלל אַלע די, וואָס זענען קעגן זיי. וואָלטן זיי זיך באַגנוגנט מיט זידלען פונ־דערוייטנס, וואָלט מען פון זיי די „פריווילעגיע" נישט געקאָנט אַוועקנעמען: זיי זענען דאָך, נעבעך, געווען בירגער פון דער קאַפּיטאַליסטישער אמעריקע... אָבער מיט זידלען אַליין זענען זיי נישט אָפּגעקומען. אַ חוץ דעם האָבן זיי זיך באַנוצט מיט פאַרבאָטן אַנדערע צו געניסן פון דער אַמעריקאַנער פרייהייט.

אין יענער צייט האָבן די רעכטע סאָציאַליסטן צוגעגרייט אַ פאַרזאמלונג פאַר זייער געקומענעם גאַסט, וויקטאָר טשערנאָוו. זענען געקומען אויך די לינקע און האָבן דעם גאַסט נישט געלאָזט עפענען דאָס מויל. די פאַרזאמלונג האָט זיך אויפגעלייזט. דאָס זעלביקע איז געשען, ווען אַ צווייט מאָל איז גערופן געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג אויף ברוקלין־עוועניו. די לינקע זענען געקומען שטאַרק אָרגאַניזירט. דער פרויען־מין איז ממש געגאַנגען „אויף קידוש־השם", זיך געשטעלט קעגן דער פּאָליציי, וואָס איז גערופן געוואָרן צו מאַכן אָרדענונג. מיט זייערע ווייבערישע שאַרפע נעגל האָבן זיי צעדראַפּעט די פּאָליציייִשע הענט, וואָס האָבן נישט גע־קאָנט באַוויייזן אַרויסצופירן זיי פון דער פאַרזאַמלונג...

עס איז שוין דאָס יאָר 1929 (איך האַלט פאַר וויכטיק אָנצו־מערקן, אַז איך בין נישט אויסן צו שרייבן פּינקטלעכע געשיכטע. איך לייג דעם טראָפּ אויף מיינע איבערלעבונגען, אַזוי ווי איך גע־דענק זיי). אין די יאָרן זינט איך וווין דאָ, אין דער יידישער געגנט „בויל־הייטס", האָב איך איבערגעלעבט שווערע טעג, עס האָט מיך אויסגעמאַטערט דאָס אָפטע גיין צו מיינע קינדער און אין שפּיטאָל אַריין, דערצו נאָך די אַרבעט. און די לאַגע ווי זי איז שוין איצט,

זינט מיין פרוי איז געשטאָרבן... ווייל איך דערפאַר מיינע טעג פאַר־וועגדן אויף גייסטיקע דערגרייכונגען.

איך וויל טאָן דאָס, וואָס איך בין ביז אַהער נישט געווען בכוח: זיך אַריינלעבן אינעם כלל כל־זמן מען שטייט נאָך אויף די פיס.

דערפאַר האָב איך פאַרטראַכט דעם פּלאַן, אַז איך זאָל אויפ־הערן אַרבעטן פאַר „יענעם", נאָר דינגען אַ דירה אויף סאָטאָ־גאַס, אינעם אמתן יידישן צענטער; אַזוי ווי איך האָב עס אַמאָל געטאָן אין „קוני־איילאַנד", אַזוי זאָל איך טאָן דאָ — ביי זיך אין דער היים אויפריכטן אַ באַרבער־שאַפּ.

אין יענער צייט בין איך שוין געווען א חבר אין „יידישן נאַ־ציאָנאַלן ארבעטער־פארבאנד". בין איך דאָך מער נישט קיין פרעמדער. און וועלכער חבר גייט עס נישט צו א בארבער ער זאָל אים אָפּשערן די האָר. האָב איך געהאָפט, אַז אויב נישט אלע מיינע חברים וועלן צו מיר קומען, איז אַ טייל פון זיי זיכער — ס'וועט דאָך זיי טייערער נישט קאָסטן און איך וועל האָבן די פּרנסה ביי זיך אין שטוב.

ווען איך האָב זיך אַריינגעצויגן אין דער געדונגענער דירה און אַלץ שוין צוגעגרייט, האָב איך אָפּגעדרוקט אַ קאַרטעלע און עס צעטיילט צווישן מיינע חברים אויף אַן אלגעמיינע פאַרזאַמלונג, טאַקע אין פאָלקסהויז אויף סאָטאָ־גאַס, נישט ווייט פון מיין היים. מיינע חברים האָבן מיר צוגעוווּנטשן, אַז עס זאָל מיר טאַקע זיין מיט מזל. ווי זאָגט זיך אין ווערטל: „אַ גוטער חבר איז גוט אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט".

אַז מיינע חברים האָבן מיך אין זינען — דאָס האָב איך אַרויס־געזען באַשיימפּערלעך: אויג אויף אויג האָט יעדער איינער פון זיי געוואָלט וויסן ווי עס גייט מיר? צי איך פאַרדין גענוג צום לעבן...

דאָס האָט אַזוי אָנגעהאלטן צוויי חדשים ביז איך האָב געמוזט דאָס „געשעפט" אויפגעבן — נישט מער ווי איין חבר פון מיין פאַרבאַנד איז צו מיר געקומען זיך שערן.

איך בין פאַרבליבן אין דער דירה, אָבער פרנסה בין איך ווי־דער געגאַנגען זוכן צו די גויים...

אין יענעם יאָר האָט זיך אין לאָס־אַנזשעלעס (בויל־הייטס) געשאַפן אַן אָפּטיילונג פון דער ניו־יאָרקער „קולטור־געזעלשאַפט" און איך בין צוגעשטאַנען אלס מיטגליד. איך האָב דאָך געהאַט אַ גרויסע, לייִדיקע שטוב, פון קיינעם נישט געשטערט, — האָב איך פאָרגעשלאָגן, אַז מען זאָל זיך צוזאַמענקומען ביי מיר אין שטוב.

אויף איינער פון די פארזאַמלונגען באַשטימט מען מיך פאַרן סעקרעטאר, וואָס זאָל פּראָטאָקאָלירן אין אַ העפט די אָנגענומענע באַשלוסן.

צוליב דעם גיט מען מיר איבער דאָס אַלטע פּראָטאָקאָל־בוך, אין וועלכן עס זענען פאַרשריבן די באַריכטן פון אַלע שרייבער־גרופּן, וועלכע האָבן עקזיסטירט אין פאַרלויף פון די פריערדיקע יאָרן. „די גרינע פּראָש", די „שנאָרער", „דער שרייבער־קלוב" און די „גרופּע מערב". אין דאָזיקן ביכל שרייב איך אויך אַריין די באַריכטן און די אָנגענומענע באַשלוסן פון דער טעטיקייט פון דער „קולטור־געזעלשאַפט", וועלכע באַשטייט מערסטנס פון שרייבער. (צוזאַמען אַפילו נישט קיין דריי צענדליק מיטגלידער).

האָבנדיק דאָס ביכל אין מיינע הענט, בין איך טשעקאַווע זיך צו באַקענען מיט דער געשיכטע פון די פריערדיקע שרייבער־גרופּן, וועלכע האָבן געהאַט קורצע יאָרן. צוערשט לייען איך איבער די אָנגענומענע „קאָנסטיטוציע" פונעם שרייבער־קלוב. דאָרט זענען אויסגערעכנט די פונקטן אויף וועלכע די גרופּן זענען געאייניקט. און די „פונקטן" זענען דאָך געווען דער פונדאַמענט, אויף וועלכן די אָרגאַניזאַציע האָט זיך פאָרמירט.

וועל איך דאָ נאָר איבערשרייבן די פונקטן 2, 3 און 4.

פונקט 2 זאָגט: „מיטגלידער אין יידישן קלוב פאַר שרייבער קאָנען ווערן נאָר אַזעלכע, וועלכע האָבן זייערע שריפטן שוין געהאַט אין דרוק".

— פונקט 3: — „דער יידישער שרייבער־קלוב האַלט אָפּ אָוונטן, וואָס באַשטייען פון פאָרטראַגן, פאָרלעזונגען און דיסקוסיעס איבער יידישער ליטעראַטור און קונסט. ביי די אָוונטן קאָנען זיין נאָר אָנוועזנד מיטגלידער פון קלוב״.

פונקט 4: — „איינשטימיקע באַשלוסן (קאָפּירט געגוי ווי אין ביכל) פון דער פאַרוואַלטונג ווערן אין קלוב נישט דיסקוטירט... נאָר געשטעלט דירעקט צום אָפּשטימען?...״

איצט איז שוין לייכט צו פאַרשטיין, פאַרוואָס די דאָזיקע שרייבער־פאַריינען האָבן געהאַט אַ קורץ־דויערנדיקע עקזיסטענץ... די שרייבער האָבן זיך דאַן פאַרנומען צו דוכענען אַן דעם פאָלק.

איך וועל פונעם פּראָטאָקאָל־ביכל נאָך ברענגען נישט מער ווי איין אַריינגעשריבענעם פּראָטאָקאָל פון אַ זיצונג ביים דערמאָנטן שרייבער־קלוב. דער פּראָטאָקאָל איז געמאַכט געוואָרן דורך דעם סעקרעטאַר י. פרידלאַנד:

„אַ זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג ווערט אָפּגעהאלטן מיטוואָך אין חבר י. פרידלאַנדס וווינונג. די באַנקעט־קאָמיסיע באַריכטעט, אַז זיי גייען אָן מיט דער צוגרייטונגס־אַרבעט, נאָר עס פעלט זיי אויס מזומנים... און דער סעקרעטאַר י. פרידלאַנד מאַכט די נייטיקע הלוואה פון צען דאָלאַר אויף דעם צוועק...

דער באַנקעט איז פאָרגעקומען אין פינטשע בערמאַנס שטוב, צו פייערן די גרינדונג פון שרייבער־קלוב. די שמחה האָט זיך וואָס אַן אמת נישט אויסגעצייכנט מיט קיין באַזונדער געהויבענער שטימונג אין זין פון פריילעכקייט און זאָרגלאָזיקייט. דער אָוונט האָט אונדז אָבער איבערצייגט, אַז מיר מיינען ווירקלעך ערנסט מיט דער שיינער אַרבעט״...

אין דאָזיקן פּראָטאָקאָל־ביכעלע איז אויך פאַראַן אַ היסטאָריש בריוועלע, וואָס איז אויך ווערט, אַז איך זאָל דאָס ציטירן. דאָס בריוול קלערט אויף, פאַרוואָס די גרופּע „מערב״ האָט געהאַט אַ קורצע עקזיסטענץ. דאָס בריוול האָט אָנגעשריבן די דעמאָלטיקע סעקרעטאַרין, אַ דיכטערין, סטעלאַ בלאָך. דאָס בריוול לייענט זיך:

„געערטע מיטגלידער פון דער גרופע „מערב": אַזוי ווי די באַציונג פון דעם גרעסטן טייל מיטגלידער פון דער גרופע איז אַלעמאָל געווען איבערפלעכלעך און נישט גענוג ערנסט, און אַזוי ווי לעצטנס האָט מען אינגאַנצן אויפגעהערט צו באַזוכן די זיצונגען, איז באַשלאָסן געוואָרן פון די עטלעכע (צווישן די עטלעכע בין איך אויך געווען), וואָס קומען יאָ צו די זיצונגען, צו רופן אַ ספּעציעלע זיצונג אויף דינסטיק דעם 9־טן מערץ, 8.30 אין פאָלקס־שול, זיך דורכרעדן ווי אַזוי און מיט וואָס צו סטימולירן אָדער אָפּפרישן די אָפּגעשוואַכטע, ספּאַזמאַטישע עקזיסטענץ פון דער גרופע „מערב".

די סעקרעטאַרין סטעלאַ בלאָק".

אָבער די לעצטנס געגרינדעטע קולטור־געזעלשאַפט, צו וועלכע עס האָבן געהערט שרייבער און לייענער, האָט שוין נישט אַוועקגעשטעלט קיין באַגרענעצונגען. יעדער ייד האָט געקאָנט ווערן אַ מיטגליד פון דער געזעלשאַפט. אָבער דאָס אַליין איז נישט געווען גענוג. די מאַסן האָבן זיך געמאַכט נישט הערנדיק, זיי זענען נישט געקומען. מען האָט געדאַרפט גיין צו זיי — צו זייערע פאָלקס־פאַרזאַמלונגען פאַראיינען, און לאַנדסמאַנשאַפטן, ברענגען צו זיי דאָס יידישע וואָרט, די יידישע קולטור.

מען איז טאַקע נישט געגאַנגען צו זיי, צו די פאָלקס־מאַסן. אָבער די ענגליש־רעדנדיקע זענען צו זיי יאָ געגאַנגען, און זיי האָבן געהאַט דערפאָלג...

די „קולטור־געזעלשאַפט" האָט אין פאַרלויף פון איר פינפיאָריקער עקזיסטענץ טאַקע געטאָן וויכטיקע קולטור־אַרבעט: זי האָט אַרויסגעגעבן פיר ביכער פון יידישע שרייבער — „הרודעס" פון ה. רויזנבלאַט, „די שמאַלץ־גרוב" פון ש. מיללער, „אונדזערע טעג" פון ח. גאָלדאָווסקי און „ליים" פון ה. רויזנבלאַט.

דאָס איז זיכער אַ פאַרדינסטפולע ארבעט. אָבער עס האָט געקאָנט זיין בעסער, ווען מען וואָלט צוגעצויגן אַ גרעסערע צאָל מענטשן, וועלכע האָבן נאָך גערעדט און געלייענט יידיש. ווען

„יענע״ האָבן אויפגעהערט לייענען יידיש און לייענען אַ יידיש בוך, האָבן מיר צו זיי געהאַט אַ טענה. אין דער אמתן זענען מיר אַליין געווען די שולדיקע. היינט זעען מיר דאָס, אָבער מיר האָבן שוין „פאַרשפעטיקט די באַן״... (דאָס זעלבע קאָן אָבער נישט גע־זאָגט ווערן וועגן די אָרטאָדאָקסישע יידן: זיי האָבן דאָן געבויט אַ סך שולן און שולעכלעך, האָט זיך ביי זיי טאַקע אויפגעהאַלטן די יידישע שפּראַך).

אין יענער צייט האָב איך זיך באַקענט און גיך באַפריינדעט מיט אַ יונגן יידישן פּאָעט מיטן נאָמען מעינקע קאַץ. ער האָט דאַן געוווינט אין בויל־הייטס, אין אַן אָרעם שטיבעלע, מיט זיין יונ־גער פרוי און קינד. איך בין געוואָרן אַן אָפטער אַריינגייער אין זיין קליין שטיבעלע, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ סך פרייד צווישן די פיר נידעריקע ווענט.

מעינקע איז געווען א זאָרגלאָזער מענטש. ער האָט געלעבט און געאָטעמט מיט דעם יידישן ליד. שרייבן לידער און דעקלאַמירן זיי איז געווען זיין לעבן.

אים האָט אָבער געצויגן צוריק קיין ניו־יאָרק, צום צענטער פון דער יידישער ליטעראַטור. אין איינעם אַ טאָג איז ער געקומען צו מיר און האָט מיר דערציילט, אַז ער איז שוין גרייט צו פאַר־לאָזן די שיינע קאַליפאָרניע. ס'איז מיר געווען אַ ווייטיק דאָס צו הערן. איך האָב דעם יונגן, לעבנסלוסטיקן בחור ליב באַקומען און עס איז מיר אַ שאָד געווען אים צו פאַרלירן. איך בין ביי אים גע־ווען די לעצטע שעהן און פאַרברענגט מיט זיין שיין, געראָטן טעכ־טערל און זיין ליבער פרוי כאַסקע.

מיר האָבן זיך פאַרשטענדיקט, אַז מיר וועלן זיך נישט אָפּ־פרעמדן, אַז מיר וועלן זיך איבערשרייבן. נאָך אין באַן פאָרנדיק האָבן זיי צו מיר געשריבן און פון ניו־יאָרק האָב איך פון זיי ביידע באַקומען בריוו.

מעינקע איז געווען פּראָדוקטיוו, געשריבן און זיך געדרוקט אינעם זשורנאַל „צוזאַמען״. ער האָט צוגעשיקט פאַר מיר אַ נומער

פון יענעם זשורנאַל מיט זיינע צוויי לידער; האָב איך נישט נאָר די לידער איבערגעלייענט, נאָר דעם גאַנצן זשורנאַל. נאָכן איבער־לייענען איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק אָנצושרייבן צו מעינקען אַ בריוול און אַרויסזאָגן מיין מיינונג וועגן אַלץ, וואָס איך האָב איבערגעלייענט אין „צוזאַמען".

מיט אַ קורצע צייט שפּעטער דערהאַלט איך ווידער אַן עק־זעמפּלאַר „צוזאַמען". ווען איך נעם אים לייענען, דערזע איך דאָרט אָפּגעדרוקט מיין בריוול, וואָס איך האָב געהאַט געשיקט צו מעינ־קען. דאָס האָט מיך שטאַרק איבעראַשט. איך האָב זיך דאָך נישט גערעכנט, אַז ער וועט דאָס געבן דעם רעדאַקטאָר איבערצודרוקן אינעם זשורנאַל. און אָט איז דער אינהאַלט פון מיין בריוול:

„ליבער פריינד מעינקע! דעם 4־טן נומער „צוזאַמען" האָב איך שוין איבערגעלייענט און איך שיק אייך מיין האַרציקן דאַנק. אָבער אונטערן פרישן איינדרוק נאָכן לייענען וויל איך פּרווון אַרויסזאָגן פאַר אייך מיין מיינונג וועגן אַלץ, וואָס איך האָב דאָ געלייענט.

איך וועל אָנהייבן מיט פעלדמאַנס „עסקיז" — דאָס איז טאַ־קע פיין געשריבן און מאַכט אַן איינדרוק אויף דעם לייענער. מעג־לעך, אַז איך וועל דאָס לייענען נאָך אַ מאָל. דער פאַרגלייך פון „מענטש און פויגל" איז אַ פּראָדוקט פון דער הייטיקער ציוויליזאַציע. און איך זע טאַקע די איידעלע געשטאַלט פון דער געליב־טער ערמינע, וועלכע טרויערט נאָך איר אַלפּאַגזאַ. פּראַכטפול גע־שילדערט.

מעינקע, אייערע אייגענע צוויי לידער, לייענענדיק זיי אין זשורנאַל, האָבן געמאַכט אויף מיר אַ פיל שטאַרקערן איינדרוק. אפשר איז עס דערפאַר, ווייל איך האָב זיי אַליין געלייענט בלחש... פון די קורצע שורהלעך האָב איך כמעט אַרויסגעהערט דאָס שעפּ־טשען פון דער פאַרצערטער מאַמען... און דאָס צווייטע ליד „על־ציק"? אין דעם ליד האָב איך געפילט אייער אייגענעם ווייטיק, וואָס האָט אייך געבראַכט צו שרייבן עס...

זעליק דאָרפמאַנס „זיגזאַגישע וועגן" האָבן אויף מיר נישט געמאַכט קיין איינדרוק. זיין „צו אַמעריקע" איז אַ סך בעסער.

דאָס מעשהלע „אויף פאַלשע וועגן" פון שרה גבי? — איך מוז אייך זאָגן, מעינקע, אַז ביים לייענען האָב איך געטראַכט: דיוור איז אַ שלעכט־פאַרטראַכטער טיפּ און אַ פאַלשער. זי זאָגט: דיוור באַגעגנט זיך מיט זיין געליבטער סאפען פלוצלינג. — טאָ ווי קומט עס, וואָס ער רעדט צו איר אַזוי באַרעכנט־שיין, מיט געטאָקטע ווערטער?...

זעט איר, דעם גרעסטן פאַרגעניגן האָב איך געהאַט פון ב. וויינשטיינס „שיר השירים". איך האָב עס שוין געלייענט צוויי מאָל און וועל עס לייענען נאָך אַ מאָל.

סימע מאַטשניקס „אַ געטרייער פּאָטער" איז אַ פיינער איינפאַל. דאָס בילד „כאַאָס" פון זעלדען — איז אַ פּראַכטפול בילד. נאָר דאָס שענסטע מעשהלע איז פון דובלמאַן. — „אָבער וואָס זאָל זי טאָן, אַז זי האָט נישט קיין מזל צו די מענער?". גיטל ליגט איך בעט און זי פאַנטאַזירט פון א באַגעגעניש אין פּאַרק, ביזן סוף איז עפּעס נישט לויט מיין געשמאַק...

ווי איר זעט, מעינקע, מיין פריינד, האָב איך געוואגט אַרויסצוזאָגן מיין מיינונג.

איך פאַרענדיק דאָס בריוול מיט גוטע ווונטשן צו אייך און צו כאַסקען מיט אייער ליב טעכטערל.

פון מיר, אייער משה ווייסמאַן".

מיין קאָרעספּאָנדענץ מיט מעינקען האָט זיך דערנאָך איבערגעריסן דערפאַר, ווייל איך האָב אים געפרעגט: „פאַרוואָס געהערט ער צו די קאָמוניסטן?" (היינט, אין יאָר 1958, הער איך, אַז ער האָט זיך צוריקגעצויגן פון די קאָמוניסטן).

## קאַפּיטל זיבן

איך בין שוין איצט פריי צו קאָנען זיך אָפּגעבן מיט מיינע
צוויי קינדער. איך צי זיך אַרויס פון בויל־הייטס, און איך אָרדן



מעינקאַ קאַץ און משה ווייסמאַן, קאַליפאָרניע, 1927

איין מיין היים אויף דער זעלבער גאַס, ווו איך צי מיין ביסל פּר־
נסה: איך האָב אַ קליינעם באַרבער־שאַפּ אויף הוווער־גאַס. מיינע

קינדער זענען שוין דערוואַקסענע מענטשן. מיין טאָכטער האָט זיך אויסגעלערנט זיין אַ ביבליאָטעקאַרין און מיין זון איז נאָך „אינ־דערלופטן״. ער האָט נישט קיין ספּעציעל פאַך. ער כאַפּט זיך צו פאַרשידענע אַרבעטן, ער האַלט זיך אָבער נישט אויף איין אָרט. ענדלעך געפינט ער, וואָס אים געפעלט. ער ווערט אַ „סיילסמען״ (אַ פאַרקויפער) פון זייף: אַ גרויסע פירמע האָט אים געגעבן די געלעגנהייט צו באַווייזן צי ער טויג זיך אויס פאַר דעם.

מיין טאָכטער איז נישט צופרידן פון איר באַשעפטיקונג. זי רעזיגנירט פון איר שטעל און גייט אַוועק שטודירן בוכהאַלטעריע. אינגיכן ווייזט זיך אַרויס, אַז זי איז צו דער דאָזיקער אַרבעט בע־סער צוגעפּאַסט. איצט, אַז מיינע קינדער האַלטן זיך אַליין אויס און איך פאַרדין גענוג פאַר זיך צו לעבן, זענען שוין קלענער די דאַגות. דאָך בין איך ווייט פון צו זיין מיט זיך צופרידן. מיין סביבה איז אַ גויאישע. נאָך אַ ביסל גייסטיקייט באַדאַרף איך פאָרן קיין בויל־הייטס. דאָרט געהער איך צו דער קולטור־געזעלשאַפט; דאָרט וועבט זיך אַ יידיש לעבן.

איך הייב אָן שרייבן פאַר דער קאַליפאָרניער „יידישע שטימע״. נישט יעדע וואָך, נאָר ווען איך האָב עפּעס צו זאָגן וועגן אַ יידי־שער פראַגע, שרייב איך אָן און טראָג עס אַוועק אין רעדאַקציע. אין אַ צייט אַרום ווערט געבוירן אַ נייע צייטונג.

לעאָן בלאַנק נעמט אַרויסגעבן אַ צייטונג אונטער דעם נאָמען „פאָלקסצייטונג״ און איך ווער אירס אַ מיטאַרבעטער. ווען עס דערנענטערט זיך דער קאַמפּיין פאַר רוזוועלטס צווייטן טערמין, שרייב איך יעדע וואָך אַ קאָלום פאַר דער צייטונג.

איך האָב נישט בדעה איינצושליסן אין דעם בוך אַלע מיינע קאָלומס, אָבער צוויי פון זיי וועל איך יאָ געבן — די, וועלכע זענען אָן אָפּשפּיגלונג פון דעם קאַמפּיין אין יאָר 1936.

קעגן פּרעזידענט רוזוועלט האָבן די רעפּובליקאַנער אַרויס־געשטעלט איינעם מיטן נאָמען אַלף לענדאָן. לענדאַן האָט געהאַט די שטיצע נישט נאָר פון זיינע רעפּובליקאַנער, נאָר אויך פון מיס־

טער הוירסט, מיט דער גאַנצער חברותא, אָנהייבנדיק פון די אַמע־ריקאַנער דייטשע נאַציס ביז ק. סמיט.

דאָס „קעפּל" פאַר דעם קאָלום, ווי דאָס האָט זיך געפּאַסט פאַר יענער שטימונג אין לאַנד איז געווען: „ווער עס מעג און ווער עס טאָר נישט" —

„די בירגער אין אַמעריקע האָבן נאָך נישט פאַרגעסן „יענע צייטן", ווען מיסטער הוירסט האָט געשיקט פון אייראָפּע צו זיינע צייטונגען אין אַמעריקע די „נייעס" וועגן אַ בונד צווישן רוזוועלטן און די קאָמוניסטן. פּרעזידענט רוזוועלט האָט אויף דעם ליגנט גלייך אָפּגעענטפערט, אַז עס איז שקר וכזב! מיר האָבן אָבער נאָך ביז היינט נישט געהערט פונעם צווייטן צד, וואָס וויל ערשט ווערן פּרעזידענט, פון מיסטער אַלף לענדאַן, אז ער זאָל אונדז דערציילן, וואָס ער האָט אָפּגעענטפערט דעם היגן נאַצי־פירער, קון, ווען יע־נער האָט אים פאַרזיכערט אַלע שטימען פון די 50 טויזנט נאַציס אין אַמעריקע.

און פאַר דער דאָזיקער מתנה פאַרלאַנגט דער נאַצי־פירער פון לענדאַנען גאָרנישט קיין סך: ער דאַרף אים בלויז צוזאָגן, אַז ווען ער וועט ווערן דער פּרעזידענט פון אַמעריקע, זאָל ער באַלד אָנקניפּן גוטע באַציונגען צווישן אַמעריקע מיט דייטשלאַנד!...

איז דאָך לייכט צו פאַרשטיין, פאַרוואָס די היגע נאַציס זענען אַלע פאַר לענדאַנען. וואָלט אָבער לענדאַן נישט געווען אזא באַשיי־דענער מענטש (אפשר איז ער גאָר אַ שעמעוודיקער), וואָלט ער גע־דאַרפט באַדאַנקען די היגע נאַציס פאַר זייער צוגעזאָגטער הילף אין דעם קאַמפּיין צו באַזיגן דעם קאָמוניסט רוזוועלט. אָבער ווי באַלד לענדאַן האַלט נישט דערביי, טאָ פאַרוואָס קומט ער נישט אַרויס מיט זיין וואָרט אין דער עפנטלעכקייט, כדי צו זאָגן די נאַציס: „איר, נאַציס אין אַמעריקע, גייט צום טייוול מיט אייער הילף! איך וויל מיינע הענט האַלטן ריין! — פאַרוואָס זאָגט ער דאָס נישט?

לענדאַן זאָגט עס נישט, און הוירסטס צייטונגען מאַכן אויך

אַ שווייג און דאָך זאָגן זיי, אַז זיי זענען די קעמפּער פאַר דעמאָ־קראַטיע.

אָבער מיר ווייסן זייערע אמתע כוונות. — און צופיל באַהאַלטן זיי זיך נישט. אָט האָבן זיי (די רעפּובליקאַנער), באַשמירט אַלע שטאָטישע ווענט מיט אַ וואָרענונג: „דאנט וואוט לייק מיין" (שטימט נישט ווי אין שטאָט מיין). ווייל אין „מיין" האָבן די רעפּובליקאַנער געכאַפּט א מפּלה. דערפאַר וואָרענען זיי, אויב לענדאָן וועט נישט ווערן פּרעזידענט, קאָן נאָך „עפּעס" דאָ געשען. „ווייל עס שטייען דאָך גרייט אויך אַנדערע, וואָס ווילן אויף לענדאָנס פערדל אַריינ־פאָרן אין ווייסן הויז; אַ שטייגער ווי דער רויט־האָריקער דזשעראַלד ק. סמיט און נאָך אַזעלכע, ווי ער, „די קעמפּער פאַר דעמאָקראַטיע".

אָבער איך האַלט, אַז דער אויפריכטיקסטער צווישן דער גאַנצער קליקע איז נאָך פאָרט ק. סמיט. ווייל ער זאָגט כאָטש דעם אמת. אָט האָט ער אויף א גרויסער פאַרזאַמלונג פון 5 טויזנט צוהערער, געטאָן א פרעג זיין עולם:

„ווי לאַנג נאָך וועט איר, גוטע מענטשן, וואַרטן מיטן אַרויס־טרייבן די קאָמוניסטישע מייז און איבערנעמען די רעגירונג?!".

נו, וואָס וואָלטן אָט די דאָזיקע „פּאַטריאָטישע אַמעריקאַנער" געזאָגט (געטאָן), ווען אָט אויף אַזאַ פאַרזאַמלונג וואָלט זיך אויפגע־שטעלט א סאָציאַליסט צי א קאָמוניסט, און ער וואָלט גערופן „אײַ־בערצונעמען די רעגירונג!", וואָס וואָלטן זיי געזאָגט?...".

---

פון מיין צווייטן קאָלום — „פּאַטריאָטן, רחמנא ליצלן":

„עס גייט אָן אַ ווערטל — „קליינע קייען, וואָס גרויסע שפּייען".

— דאָס ווערטל פּאַסט זיך צו דער סטאַדע נאָכלויפער, וועלכע ווערן געפירט פון די צוויי באַרימטע פאַסטעכער: פּאַטערל קאַגלין און מיסטער הוירסט. די דאָזיקע צוויי האָבן דאָס אַמעריקאַנער פאָלק גענומען אונטער זייער שוץ... זיי ביידע הערן נישט אויף צו געוואַל־דעווען וועגן דער „געפאַר", וואָס רוקט זיך אָן אויף וואַשינגטאָן —

אויב דער געפּערלעכער קאָמוניסט, רוזוועלט, וועט צום צווייטן מאָל ווערן דער אַמעריקאַנער פּרעזידענט.

זייערע הערצער צאַפּלען אַזש ביי דעם דאָזיקן געדאַנק. זיי קאָ־נען זיך נישט באַרויקן, ווייל מיט זייערע אויגן זעען זיי שוין דעם צייכן אויף דער וואַנט: אַז דאָס פאָלק איז קעגן זיי... און דערפאַר איז געוואָרן ביי זיי דער ליגן דער איינציקער „גואל". ווייל דער ליגן איז הפקר. יעדער דעמאַגאָג נעמט אים צוהילף. סיי מיסטער הוירסט און סיי פאָטערל קאַגלין זענען שוין מיטן ליגן געוואָרן נאָענטע מחותנים... שרייען זיי איצט: „קאָמוניזם עליך"... און פאַר־שווייגן דעם פאַשיזם.

ווייסט איר ווער עס זענען די געפּערלעכע קאָמוניסטן? — היטלער, רוזוועלט און די יוניאָנס. אויס רייַנער באַקוועמלעכקייט ווענדן די לייט אָנווייזן מיטן פינגער נאָר אויף די יידן...

און ווער אין דעם גאַנצן לאַנד איז נאָך אַ גרעסערער פּאַטריאָט, ווי דאָס פאָטערל קאַגלין? אָבער מער ווי אַ לאַנד־פּאַטריאָט איז ער דאָך אַ געלט־פּאַטריאָט! שטענדיק דונערט ער וועגן געלט. אויף אים פּאַסט דער יידישער אויסדרוק: „ווען מען פאַרלירט געלט, זוכט מען פרומקייט. און אַז מען געווינט געלט, פאַרלירט מען די פרומ־קייט".

אָט איצט, ווען זיין מסחר מיט זילבער האָט אים שטאַרק אָפּ־געגליקט, האָט ער פאַרלוירן זיין פרומקייט. דרשנט ער מער נישט וועגן געטלעכקייט, נאָר וועגן געלטלעכקייט... און דאָס געלט ליגט דאָך נישט אויף די גאַסן, נאָר אין אייזערנע קאַסעס... און קאַגלין ווייסט אַפילו ביי וועמען אין קאַסע דאָס געלט ליגט. אָבער צוליב פּאַטריאָטיזם וועט זיין הייליקער פינגער טייטלען אויף דער יידי־שער קאַסע...

און וואָס קאַגלין זאָגט, איז דאָך דאָס דער „אמת"... זיינע שעפּסן גלייבן אים. זיי פילן זיך נישט צו שיקן „בריוועלעך אין רעדאַקציעס"... אָט איז אַ קאָפּיע פון אַ בריוועלע אין אַ צייטונג: „מיר דוכט זיך, אַז די אמתע יידן דאָ אין לאַנד דאַרפן אָפּגעבן זייער

פרייע צייט צו באַקערן יענע יידן, וועלכע האָבן זיך געלאָזט אָנרעדן פון די רויטע... אויב די אמתע יידן וועלן דאָס נישט טאָן, איז מעג־לעך, אַז עס וועלן אויסברעכן פּאָגראָמען״...

קאָן מען דאָך שוין זען, אויף ווי וויט דער הייליקער פינגער האָט שוין דערגרייכט... דאַרף שוין זיין פאַרשטענדלעך פאַר אַלע־מען, אַז דער איצטיקער וואַל־קאַמף איז פיל מער ווי אַ קאַמף צווישן צוויי פּאַרטייען. עס איז אַ קאַמף פאַר פרייהייט, פאַר דעמאָקראַטיע, די טייערע צילן טאָר מען נישט אָנפאַרטרויען די הוירסטס, קאָגלינס, און אפילו נישט צו דעם איבערגעקערטן אַל סמיט״...

---

פון מיין זאַמלונג אַלטע צייטונגען נעם איך אַרויס אַן אַרטיקל, וואָס איך האָב געהאַט אָפּגעדרוקט אין יאָר 1932 אין דער „קאַלי־פאָרניער אידישע שטימע״.

אין יענער צייט האָט די וועלט נאָך נישט געחלומט (די דער־פינדער — יאָ), אַז אַ חוץ ראַדיאָ וועט נאָך אַמאָל אויפקומען „טע־לעוויזיע״, און מען וועט קאָנען נישט נאָר הערן, נאָר אויך זען די מענטשן, צו וועלכע מיר הערן זיך צו דורכן ראַדיאָ.

אָבער אין יענער נישט לאַנג פאַרגאַנגענער צייט איז דער ראַ־דיאָ געווען די ווינכטיקסטע דערפינדונג, וואָס האָט אונדז דערנענ־טערט איינער צום אַנדערן און וואָס האָט אַריינגעבראַכט אין די היימען מוזיק, דראַמע, און געשפּרעכן איבער אַלערליי ענינים.

דעמאָלט האָב איך אָנגעשריבן דאָס דאָזיקע אַרטיקל, וועלכעס איך נעם אַריין אין בוך.

## ראַדיאָ אַלס מיטל צו פאַרשפּרייטן קולטור

דער ראַדיאָ ווערט היינט שוין באַנוצט כמעט אויף יעדן געביט פון עקאָנאָמישן און גייסטיקן קולטור־לעבן אין יעדן ציוויליזירטן לאַנד. מיר הערן דורכן ראַדיאָ קלאַסישע מוזיק, לעקציעס, דראַמע־

פאַרשטעלונגען און דערקלערונגען וועגן אַלע אַנדערע קונסטן. כמעט יעדע נאַציאָנאַליטעט אין דעם לאַנד האָט שוין איינגעזען די וויכטי־קייט פון ראַדיאָ ביים פאַרשפרייטן די אייגענע נאַציאָנאַלע קולטור־ווערטן; באַקאַנט מאַכן זייערע אייגענע און פרעמדע אַלץ, וואָס עס געשעט אין זייערע אייגענע פאָטערלענדער און אויך אין זייער אַדאָפּ־טירט פאָטערלאַנד.

זיי באַמיען זיך צוריק אָפּצוגעווינען זייערע יוגנטלעכע, וועלכע זענען געוואָרן שפּראַכלעך אָפּגעפרעמדט פון זיי. צוליב דעם טראָגן זיי צו דער יוגנט זייערער געוויסע אונטערהאַלטונגען אויף זייערע אייגענע שפּראַכן, די קולטור־ווערטן פון אייגענעם פאָלק.

אויף אָט דעם נייעם פעלד האָבן מיר, יידן, נאָך נישט באַוויזן עפּעס צו פאַרזייען, הגם דער באָדן איז שוין „אַ צעאַקערטער" — אַ גרויסער פּראָצענט יידישע היימען פאַרמאָגן אין זייערע שטובן דעם ראַדיאָ.

יידן, אַלט און יונג, זענען געוואָרן שטאַרקע צוהערער צו דעם ראַדיאָ: מיר געניסן פון די קולטור־שאַפונגען, וואָס אַנדערע פעל־קער שטעלן פאַר אונדז צו. אונדזערע קינדער געניסן פון פאַרשי־דענע פאַרווײַלונגען דורכן ראַדיאָ. אָבער קיין איין קונסט־שאַפונג פון יידישן פאָלק איז נאָך נישט דערהערט געוואָרן דורכן ראַדיאָ.

ווי עס זעט אויס, איז דער ראַדיאָ פאַר אונדז בלויז אַ מיטל באַקאַנט צו מאַכן דער וועלט, אין וועלכן געשעפט מען פאַרקויפט אַ פאָמפּערניקל, אַ כשר ווורשטל און אַ שמאַלץ־הערינג. דערצו גיט מען אונדז אַ „צוקערלעקעכל" — אַ נאַריש לידל אָדער אַ פּאָר חוזק־וויצן. אזוי איז אין לאָס־אַנזשעלעס, און מסתמא אויך אין אַנדערע שטעט, ווו מען דערלאַנגט „יידישע פּראָגראַמען".

עס איז נישט קיין גוזמא צו זאָגן, אַז צוויי דריטל פון אַלע יי־דישע היימען אין לאָס־אַנזשעלעס פאַרמאָגן ראַדיאָס. איז שוין לייכט זיך פאָרצושטעלן דעם נישט אויסגענוצטן כוח, וואָס ליגט אין ראַדיאָ, וואָס וואָלט געקאָנט זיין אַ הילף פאַר דער יידישער שפּראַך, יידישער קולטור, אויף צו דערגרייכן צו יענע היימען. דער ראַדיאָ

וואָלט פֿאַר די אָפּגעפֿרעמדטע יידן געלאָזט הערן אַ יידיש וואָרט, וואָס ברענגט קולטור און די נייעסן, וואָס קומען פֿאָר אין אונדזער יידישן קולטור־לעבן — נישט נאָר פֿאַר די עלטערן, נאָר אויך פֿאַר זייערע קינדער.

דורכן ראַדיאָ וואָלטן מיר אין די היימען אַריינגעברענגט אַ באַגאַבטן לעקטאָר, וואָס וואָלט זיי דערציילט פֿון אונדזערע אויפֿטועס אויפֿן געביט פֿון טעאַטער, מוזיק און אַנדערע קונסטן ביי יידן.

עס איז נאָר מקנא צו זיין די אַנדערע פֿעלקער, ווי זיי גיבן זיך אָפּ מיט זייער יונגוואַרג. מיר גיבן אונדזערע קינדער אַ שעה אָדער צוויי אויסצולערנען זיך ווערן אַ „בר־מצווה״, אָדער לערנען אַ פּאָר פּסוקים פֿון דער יידישער פֿאָלקס־געשיכטע.

מיר האָבן נישט מיט זיי קיין געמיינזאַמס אויסערן חדר, אָדער אויסער דער היים. מחוץ דער היים זאָל שוין „די וועלט״ זיי פֿאַר־זאָרגן מיט אַלע ערדישע פֿאַרגעניגנס.

פֿאַרוואָס זאָלן מיר נישט געבן אונדזערע קינדער די מעגלעכ־קייט, אַז זיי זאָלן צווישן זיך שאַפֿן קורצע סצענקעס, לאָמיר זאָגן, פֿון זייערע היימען צי פֿון דעם חדר, וואָס זאָלן אַרויסשטעלן דאָס פּאָזיטיווע און דערמיט באַאיינפֿלוסן אַנדערע, טאַקע דורכן ראַדיאָ? וויפֿל פֿון אונדזערע באַגאַבטע קינדער „גייען איבער״ צו דער „אַנ־דערער וועלט״, וועלכע גיט זיי די דאָזיקע מעגלעכקייט צו לאָזן זיך הערן דורכן עטער? און גייען זיי איינמאָל אַוועק פֿון אונדז צו דער „אַנדערער וועלט״ — בלייבן זיי שוין דאָרט. און ווהין גייען אַוועק די היינטיקע מישעס און רובינשטיינס? — אויך צו „זיי״!

איז נאָך אַלץ נישט געקומען די צייט, אַז מען זאָל זיך איבער דעם פֿאַרטראַכטן און עפּעס טאָן צו דעם?״.

---

ס'איז שוין דאָס יאָר 1937. איך וווין נאָך אויף הוווער־גאַס. מיינע קינדער האָבן מיך שוין פֿאַרלאָזט. זיי קאָנען זיך פֿאַרגינען צו וווינען באַקוועמער. איך בין ווידער אַליין.

מיין געזונט פאַרלאָזט מיך ביסלעכווייז. איך ווער אַלץ מער אָפּגעשוואַכט. איך קאָן מער נישט פאַרטראָגן דעם טומל פון די סטריט־קאַרס. וועלכער טראָגט זיך פאַרביי. דאָס קלינגען מיט די גלעקער מאַכט מיך נערוועז און באַרויבט מיך פון שלאָף. ווען איך פאַרקוק זיך אין שפּיגל דערקען איך זיך אַליין נישט. איך בין באַזאָרגט וועגן מאָרגן. איך דאגה נישט וועגן פּרנסה, איך פאַרדין גענוג, וויפל איך דאַרף. אָבער איך בין דאָ אין דער פּרעמד, כאָטש איך וווין אין דער גרויסער שטאָט.

מיין דאָקטאָר גיט מיר אַן עצה, אַז איך זאָל זיך ארויסציען פון דער טומלדיקער שטאָט. איך הער זיך נישט צו צו אים, איך קעמף מיט זיך אַליין. עס ווילט זיך נישט ווידער וואַנדערן. אָבער אַ מענטש איז נישט געמאַכט פון אייזן און אז מען וויל לעבן, מוז מען טאָן דאָס וואָס מען קאָן, כדי זיך צו ראַטעווען.

איך גיב אַן אַנאָנס אין צייטונג וועגן פאַרקויפן מיין געשעפט. פאַרקויפן איז אַ סך שווערער ווי קויפן, דאָס ווייס איך נאָך פון וואַטעבורע, פון קוני־איילאַנד. אויך דאָרט איז עס מיר אָנגעקומען נישט גרינג. וויפל מאָל וועל איך עס נאָך דאַרפן טאָן?

נו, שוין פאַרקויפט. איך בין גרייט צו פאַרלאָזן די שטאָט. אָבער וווּהין זאָל איך גיין? דעם ענטפער גיט מיר מיין חבר בען, ווען איך דערצייל אים, אַז איך קאָן אין דער שטאָט מער נישט זיין.

## קאַפּיטל אַכט

מײַנע קינדער זענען קעגן מײַן פּלאַן, דאָך באַגלייטן זיי מיך צו דעם „באָס" מיט וועלכן איך פאָר קיין אָנטאַריאָ, קאַליפאָרניע.

דאָס שטעטעלע איז מיר נישט אינגאַנצן פרעמד. איך בין דאָ געווען מיט זעכצן יאָר צוריק. איצט קוקט עס אויס נאָך שענער, כאָטש עס איז שוין פאַרגרעסערט געוואָרן: מער געשעפטן און מער הײַזער.

דאָס מאָל בין איך אַהערגעקומען אויף אַן אַדרעס. איך ווייס, אַז אויף דער שיינער גאַס יוקליד־עוועניו, סאַוט, וועל איך אָנקומען אין אַ יידישן זומער־פּלאַץ, מיטן נאָמען „פּאַרעדייז" (גן־עדן). וואָלט דאָ קורסירט אַ טעקסי, וואָלט איך זיך געלאָזט צופירן. אָבער אַז עס איז נישטאָ, לאָז איך זיך פּאַמעלעך גיין צופוס.

דער אייגנטימער פון „גן עדן" איז אַ ייד מיטן נאָמען מיסטער ליאַנגסנער. ער איז אַ יונגטלעכער מענטש, אַן אידעאַליסט, ער איז אַ וועגעטאַריאַנער און אַנאַרכיסטיש געשטימט. ער שטרעבט זיך אָן צו מאַכן אַלע זײַנע געסט פאַר וועגעטאַריאַנער: ער קאָרמעט זיי מיט „וועדזשעטייבלס" (גרינסן) און אויף די ווענט האָט ער אָנגע־שריבן קלוגע לאָזונגען וועגן דעם, אַז מען דאַרף זיך דערנערן אָן פליייש. דאָס איז אָבער אַ שלעכט מיטל צו פּרנסה און ער מאַכט אַ פּשרה — די געסט וועט ער געבן צו עסן פליייש און אַליין וועט ער עסן גראָז...

איך בין פון דער פּשרה צופרידן. עס נעמט שוין טאַקע נישט לאַנג און איך הייב אָן „קומען צו זיך". מײַנע באַקן פילן זיך אויס און מײַנע פיס נעמען גיין אַ ביסעלע גיכער און גרינגער. נאָך אַ צוויי וואָכן אָפּרו נעם איך טראַכטן פון תכלית. איך בין זיכער, אַז ערגעץ דאָ אַרום וועט זײַן פאַר מיר אַן אָרט אויף צו באַזעצן זיך.

יעדן פרימאָרגן גיי איך שפּאַצירן אויף דער גאַס יוקליד־עווע־ניו. די ברייטע שיינע גאַס געפעלט מיר. אָבער דאָ־אָ איז דורכאויס פאַרם־לאַנד. די פעלדער זענען פאַרזייט מיט קאַרטאָפל און אַנדערע ערד־פּראָדוקטן. דאָ זענען פאַראַן קליינע וועלדלעך פון אַפריקאָסן, אָראַנזשן און ניס־ביימער, ווו־נישט־ווו שטייט אַן אלט הויז.

איך בין שטאַרק מקנא די מענטשן, וועלכע וווינען דאָ. סאַראַ רחבות, סאַראַ פרייקייט, ווי די לופט איז דאָ ריין און שמעקעדיק.

אָבער קיינער פון די איינוווינער וויל נישט פאַרקויפן אַפילו א קליין שטיקעלע ערד, אַז איך זאָל קאָנען דערויף בויען אַ היים פאַר זיך.

איינמאָל בין איך פאַרבייגעגאַנגען אַ ביסל ווייטער פונעם „פּאַרע־דייז”, און כ׳האָב זיך אָפּגעשטעלט נעבן אַ קליינעם, גרינעם פּאַרק. איך גיי אריין און דערפיל ממש די ציטערדיקע שטילקייט. וואָס צישעט אַרויס פון די ביימער, פון די קוסטעס און פון די שיינע, קאָלירטע בלומען, וועלכע וואַקסן דאָ אין דער שטיל. עס פאַרכאַפּט מיר דער אָטעם קוקנדיק אויף אַלץ וואָס וואַקסט דאָ און איך האָב נישט קיין חשק אַוועקצוגיין. אָבער אין „פּאַרעדייז” וועט מען באַלד קלינגען מיטן גלעקל צום „ברעקפעס”. איך צווינג זיך צו פאַרלאָזן דאָס אמתדיקע שטיקל גן עדן. איך קער זיך צוריק צו יוקליד־עווניו.

נאָכן איבערבייס גיי איך נאָכאַמאָל אָנקוקן דאָס שטילע ווינ־קעלע, וואָס האָט געפאַנגען מיין האַרץ און איך קאָן עס נישט פאַר־געסן. איך לאָז זיך גיין אויף יוקליד־עווניו מיט אָפענע אויגן. איך זוך — אפשר וועל איך נאָך עפּעס דערזען. אָבער די גאַנצע לענג פון דער גאַס איז פאַרוואַקסן מיט גרינס, און.. אָט דערזע איך אַ ברייט שטיק פעלד, וואָס איז אפילו נישט קולטיווירט. עס איז באַוואַקסן מיט ווילדע האָבער־זאַנגען. איך שטיי אַ ווײַלע און וווּנדער זיך: זאָל איך זיך נאָכפרעגן צו וועמען דאָס פעלד געהערט? מיין בליק פאַלט אויף אַ קליין שמאָל ברעטעלע, וואָס זעט זיך קוים אַרויס פון די פאַרטרוקנטע זאנגען. איך גיי צו נענטער און דערזע די אויפ־שריפט — „לאָטס פאָר סייל” (די ערד איז צו פאַרקויפן). עס באַ־

פֿאַלט מיך אַ שטילע פרייד. איך קוק זיך אַרום און דערזע, אַז איך שטיי דאָך טאַקע אַנטקעגן דעם פּאַרק...

איך נעם מיין פּען צו פאַרשרייבן דעם אַדרעס פונעם אייגנטי־מער צו ווען עס געהערט דאָס שטיק ערד.

נאָר אָט קומט אַ מאָדנע מחשבה אין קאָפּ: פאַרוואָס זאָל איך דאָ לאָזן דאָס ברעטעלע אַז עמיץ אַנדערש זאָל דאָס דערזען? בע־סער דאָס אַרויסנעמען און דערמיט גיין צו יענעם פאַרקויפער.

דער „פאַרקויפער", אַ הויכער גוי, אַ פאַרמער, וואָס האָט זיך איבערגעצויגן אין אַ ווייטערער געגנט, הערט מיך אויס; ער איילט זיך נישט; ער רעדט געלאַסן, ווי איינער וואָלט געזאָגט: „יאָ פאַר־קויפן, — נישט פאַרקויפן". אָבער איך איל זיך דאָך!

נו, מיטן מקח בין איך שוין מיט אים דורכגעקומען: צוויי הונ־דערט דאָלאַר פאַר איין „לאט" (מיט דריי יאָר שפּעטער איז דער „לאט" ווערט צוויי טויזנט דאָלאַר).

אַז איך האָב שוין דעם „לאט" אויף מיין נאָמען, באַפאַלט מיך אַ ניי געפיל, פון וועלכן איך האָב אין מיינע פאַרגאַנגענע יאָרן נישט געוווּסט: איך פאַרמאָג דאָ מיין אייגן שטיקל ערד! ווער איז נאָך אַזוי רייך ווי איך?...

און איצט, אַז איך פאַרמאָג שוין דעם „לאט" — קאָן איך דען אויף אים וווינען? איך מוז דאָך פריער אויפבויען אויף דעם פּלאַץ אַ הויז. און צו דעם דאַרף מען נאָך אַ סך געלט. און איך פאַרמאָג נישט מער ווי נאָך דריי הונדערט דאָלאַר, וואָס מיין זון האָט מיר געגעבן. טאָ ווי בויט מען אַ הויז מיט דעם „פאַרמעגן?".

דאָך פאַל איך ביי זיך נישט אַראָפּ. עס קומט מיר אויפן גע־דאַנק מיין טאַטנס אַ זאָג: „גאָט אַליין איז אויך נישט רייך, ער נעמט ביי איינעם און גיט דעם צווייטן"... דאָס איז אַ גוטע אָנצוהער־עניש, אַז איך זאָל פּרווון לייען דאָס געלט אין אַ באַנק. און דער־ווייל גיי איך שוין אין שטעטל זיך נאָכפרעגן אויף די מענטשן, וואָס בויען הייזער (קאָנטראַקטאָרס). מ'זאָגט מיר, אַז איך זאָל זיין פאַר־זיכטיק. מ'דאַרף וויסן ווי מיט זיי צו האַנדלען. באַשליס איך, אַז

איך וועל זיך ווענדן צו עטלעכע. דריי פון זיי האָבן מיר שוין געגעבן זייערע רעכענונגען. עמיצער רעקאָמענדירט מיך צו נאָך איינעם, אַ „פיינעם מענטש״ מיטן נאָמען מיסטער בין. איך האָב נישט געדאַרפט לאַנג רעדן מיט אים, איך האָב אים באַלד געגלייבט וואָס ער האָט מיר געזאָגט. זיין הויכע געשטאַלט, זיין געצאַמטע שפּראַך און זיינע בלויע אויגן האָבן עדות געזאָגט, אַז איך מעג זיך פאַרלאָזן אויף אים, אַז ער וועט מיך נישט אָפּנאַרן.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט, אויסגערעכנט בין לעצטן טשוועקל און ער האָט מיר באַוויזן די אונטערשטע שורה: ניין הונדערט דאָלאַר וויניקער וויפל די אַנדערע קאָנטראַקטאָרס האָבן ביי מיר געבעטן.

מיר האָבן זיך געדריקט די הענט (אין אייראָפּע פלעגט מען, נאָכן שליסן אַ געשעפט, פּאַטשן איינעם דעם אַנדערן אין די הענט), דאָס האָט באַדייט, אַז מיר האָבן זיך פאַרשטענדיקט.

דערנאָך האָב איך גערעדט צו אים ווי מיט אַ געשלאָגן קול: „מיסטער בין... איך וויל, אַז איר זאָלט דאָס וויסן, איידער איר שרייבט זיך אָפּ מיט מיר: איך פאַרמאָג נישט דאָס גאַנצע געלט, מיר פעלט נאָך דרייצן הונדערט דאָלאַר״.

מיסטער בין קוקט מיך אָן מיט זיינע בלויע אויגן. איך זע און איך פיל, אַז ער האָט אויף מיר רחמנות. צום סוף טוט ער אַ זאָג אין דער שטיל:

— „טאַ בעד״ (זייער שלעכט). אָבער באַלד דערהער איך פון אים די עצה, וואָס ער גיט מיר: „פאַרוואָס נישט לייען אין באַנק?״. זאָג איך אים, אַז איך האָב שוין דאָס אויך געפּרוווט. אָבער קיינער אין שטעטל, וואָס דאַרף פאַר מיר גוט זאָגן, קען מיך נישט. — צע־לאַכט ער זיך און טוט אַ שפּיי פון מויל דעם שוואַרצן טאַבאַק, וואָס ער קייעט און זאָגט: „באַט איי נאָו יו!״ (אָבער איך קען דיך!).

פון זיין אָפּרוף ווער איך אַזש גערירט... און ער טוט אַ זאָג: „א, קאַם אָן!״ (לאָמיר גיין!). מיר זעצן זיך אַריין אין זיין מאַשין, מיר פאָרן צו צו זיין באַנק, מיט וועלכער ער האַנדלט און איך באַ־

קום די הלוואה אויף צען יאָר אויסצוצאָלן. און אין חודש אויגוסט 1938 שטייט שוין פאַרטיק מיין ניי הויז...

מיין האַרץ קלאַפּט זייער שטאַרק, ווען מיסטער בין גיט מיר איבער די שליסלען פונעם הויז. עפּעס האָב איך מורא... זאָל דאָס זיין מעגלעך, אַז פאַר דעם מקח האָט ער מיר צוגעשטעלט אַזאַ פּרעכטיק הויז? ווער ווייסט צי ער וועט נישט בעטן ביי מיר נאָך געלט, אַז איינגאַנצן באַצאָל איך אים זעכצן הונדערטער! (מענטשן האָבן עס אָפּגעשאַצט אויף פיר טויזנט).

אַ הויז פאַרמאָג איך שוין. אַ העלפט פון מיין פּלאַן איז שוין אויסגעפירט. איצט דאַרף קומען די צווייטע העלפט: איינקויפן מעבל און צוגרייטן דעם פאָדערשטן צימער פאַר אַ באַרבער־שאַפּ.

וואָלט איך זיך צוגעהערט צו „מענטשן”, וואָלט איך איצט נאָך נישט געהאַט דאָס פאַרטיקע הויז און איך וואָלט נישט געהאַט אויף וואָס צו האָפן. אָבער איך האָב זיך צו קיינעם נישט צוגעהערט. איך בין געווען זיכער, אַז איך וועל דאָ האָבן פּרנסה. עס וועט טאַקע נע־מען צייט, אָבער איך בין געווען גרייט צו וואַרטן.

ביז די פּרנסה וועט נעמען אַריינקומען, האָב איך זיך דערווייל גענומען אָפּגעבן מיטן דרויסן. איך האָב אָנגעהויבן צוגרייטן אַ גאָרטן אויף צו פאַרזייען גרינוואַרג, וואָס וואַקסט דאָ אפילו אין האַרבסט. איך האָב פאַרזעצט בלומען אַרום מיין שטוב; געפלאַנצט פּרוכט־ביימלעך, — אַפּריקאָסן, פלוימען, אַוואָקאַדעס, ציטרינען. מיינע שכנים, וואָס האָבן גלייך נאָך מיר אָפּגעקויפט שטיקער לאַנד, זענען געוואָרן מיינע לערער. זיי האָבן מיר געוויזן ווי אַזוי מען דאַרף פאַרזייען און אַכטונג־געבן ווען עס נעמט שוין וואַקסן.

מיין מאַמע האָט זיך געהאָדעוועט אין אַ דאָרף. זי האָט מיט אונדז קינדער גערעדט וועגן פאַרשידענע געוויקסן. זי פלעגט אויך זאָגן, אַז מ׳דאַרף האָבן בטחון, אַז עס וועט זיין אַ גוטע גערעטעניש.

דער בטחון האָט מיר געהאָלפן אויסוואַרטן ביז די גוטע צייט וועט קומען. און געקומען איז זי אין אָנהייב נאָוועמבער, ווען פאַר־מערס און שטאָטישע מענטשן האָבן אָנגעהויבן קומען צו מיר. די

וואָס זענען אַוועק פון מיר צופרידענע, האָבן געשיקט זייערע פריינד, שכנים און באַקאַנטע. זייער יום־טוב קריסטמעס האָט געבראַכט פאַר מיר אַן איבערפלוס פון „קאַסטימערס". איך האָב זיך מיט זיי קוים געספּראַוועט.

אָבער נישט אַלע, וואָס זענען צו מיר געקומען, זענען ביי מיר געוועזן אָנגעלייגט. איך האָב אַזעלכע גיך משלח געווען. די וואָס האָבן פאַר מיר אַרויסגעוויזן וואָסערע „פריינד" זיי זענען צו יידן... אויף זייער אָרט האָב איך גיך באַקומען פיינע מענטשן. די זאָרג פאַר פרנסה איז פאַרשוווּנדן.

אין דעם דאָזיקן שטעטל בין איך נישט דער איינציקער ייד. צו לעבן אַליין, אָפּגעזונדערט פון אַנדערע יידן איז אויך נישט גוט. אָבער די אַנדערע יידן זענען „יאַהודים"; מערסטנס פון זיי רעדן אַ שלעכטן ענגליש און געהערן צום „בני ברית". זיי גייען דאַווענען אין אַ „טעמפּל" (ווי איז מיר) און קוקן אַריין אין אַן ענגלישן סידור. אמת, זייערע זין און טעכטער קומען אויך מיט זיי, אָבער זיי איז נישט פאַרוואַרט חתונה צו האָבן מיט נישט־יידן...

דער צווייטער סאָרט יידן זענען חסידים פון חבר סטאַלין. און אַזוי ווי איך בין אַן „אפיקורס", רחמנא־לצלן, און איך גלייב נישט איןביידע, — בין איך דערפאַר מחוץ למחנה. אָבער דאָס באַציט זיך בלויז צו אָנטאַריאָ.

די יידישע קאָמוניסטן האָבן געמאַכט זייער זאַמלפּונקט אינעם „רעזאָרט גן־עדן": נישט נאָר קומען אַהין די אָנטאַריער קאָמוניסטן, נאָר אפילו די לאָס־אַנזשעלעסער. אַזוי יעדן שבת און זונטיק. מען פילט זיך ווי אין אַ חסידים שטיבל, מען האָפּסט און מען זינגט זיצנדיק אינדרויסן „אינעם שויס פון דער נאַטור". אַלע אינאיינעם זינגט מען — „אונדז, אונדז, אונדז, איז געווען באַשערט, אַז ער ער, ער, זאָל יידן געבן ערד"...

דאָס זמרל זינגען זיי ביי אַלע געלעגנהייטן. דער רבי סטאַלין ווייסט גאָרנישט ווי געבענטשט ער איז צו פאַרמאָגן אַזעלכע פרומע חסידים...

און אָט געשעט דער גרויסער בראָך, וואָס צעטרייסלט זייער גלויבן — סטאַלין האָט זיך צעקושט מיט היטלערן... און זיינע חסידים שעמען זיך אויפצוהייבן זייערע קעפּ.

אָבער, דאָס דויערט נישט לאַנג. פון „אויבן" האָט מען געהייסן שרייען „אמן" און דאָס חזיר־פיסל איז ווידער כשר. דער „פירער פון די פעלקער" ווייסט וואָס ער טוט...

אָבער אין יאָר 1941 אַ נייער בראָך — דער אָנפאַל פון די דייטשן אויפן ראַטנפאַרבאַנד.

אויף דער מפּלה האָבן די קאָמוניסטן דאָ אין שטעטל זיך נישט געריכט און זיי האָבן ווידער אַראָפּגעבויגן די קעפּ.

עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען שוין געפּאַטשט בראַוואָ פאַר פּרעזידענט רוזוועלט, און אונדזערע קאָמוניסטן זענען געוואָרן הייסע פּאַטריאָטן פון אַמעריקע...

מיינע גײַסטיקע באַדעפעניש באַפרידיק איך ווען איך פאָר קיין לאָס־אַנדזשעלעס. מען גיט מיר צוויסן ווען דאָרט קומט עפּעס פאָר אין יידישן קולטור־לעבן.

---

די טרויעריקע נייעס „פון דאָרטן" דערגרייכט צו אונדז אין שטעטל אויך. די דייטשן מאָרדן יידן... יונג און אַלט, מאַן און פרוי, אַפילו זויג־קינדער מאָרדן זיי... און די יידן אין אַמעריקע זענען הילפסלאָז, נישטאָ ביי אונדז קיין מאָרד־געצייג אויף צוריקצושלאָגן די מערדער... אַלץ וואָס מיר דאָ קאָנען טאָן איז צו באַווײַנען די קרבנות און שאַפן געלט־מיטלען צו ראַטעווען די, וועלכע מען קאָן נאָך אַרויסראַטעווען פון דאָרטן. יעדער ייד ווייסט ווי סכנותדיק עס איז פאַר זיי דאָרטן. זייער געשריי — „אונדזער אָרעם שטעטל ברענט ... די הילף איז בלויז אין אייך געווענדט", דערגרייכט צו אונדז. און נישט נאָר מיר אַליין הערן דעם געשריי, נאָר אַפילו אונדזערע קריסטלעכע שכנים האָבן שוין אויך אַרויסגענומען „די וואַטע" פון זייערע אויערן... זיי הערן שוין אויך. און די רעדאַקטאָרקע פון דער טעגלעכער ענגלישער צייטונג, אַ פרומע קריסטן...

האָט מיטאַמאָל אויך געביטן איר „שטעלונג״ בנוגע דעם יידישן פאָלק. זי האָט געוואָגט אויסצודריקן איר אַנטריסונג קעגן די מערדער...

און, ווען עס האָט זיך דערנענטערט דער טאָג, ווען די אַנטאַריער יידן וועלן זיך צוזאַמענקומען פאַר דעם וויכטיקן צוועק, צו זאַמלען געלט, האָט די צייטונג פריי אַנאָנסירט. נאָך מער, פיל קריסטן זענען געקומען צום באַנקעט. צווישן זיי אויך אַ פּראָטעס־טאַנטישער גלח מיטן נאָמען ס. פישער און אַ קאַטוילישער גלח מיטן נאָמען מאָנסיר ס. העגערטי. דער גרויסער עס־זאַל אין דעם יידישן זומער־פּלאַץ איז געווען באַזעצט מיט יידן און אַ צאָל קריסטן.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פונעם קליינעם שטעטל, אַז אַזאַ „בראָדערהוד־באַנקעט״ זאָל פּאַרקומען. די פאַרזאַמלונג האָט איבערגעלאָזט אַ טיפן איינדרוק ביי אַלעמען. באַזונדערס האָט שטאַרק געווירקט די רעדע פון קאַטוילישן גלח. פאַר אים האָבן גערעדט דער יידישער ראַביי, מ. דאַלגין, און דער פּראָטעסטאַנטישער גלח.

דער קאַטוילישער גלח האָט צווישן אַנדערן געזאָגט:

— „גאָט אַליין שיקט אונדז, מיר זאָלן זיין די שליחים איינער צום צווייטן. זאָל דער גאָט פון ליבע אָנפילן אונדזערע הערצער, און די מענטשהייט פון אַלע נאַציעס זאָל שטיין צוזאַמען אַנטקעגן די שונאים פון גאָט. דער פאַרברעכן פון אומפריינדלעכקייט צווישן מענטש און מענטש איז פונעם ערגסטן מין״.

איך האָב אויסגעהערט דעם גלחס רעדע און דערביי געטראַכט: הלוואי זאָל דער פרומער גלח איבערזאָגן זיינע אייגענע ווערטער ביי זיך אין קלויסטער כאָטש איינמאָל אַ חודש. אפשר וואָלטן זיינע צוהערער אויך געוואָרן אַ ביסל פריינדלעכער צום יידישן פאָלק, צו זייערע יידישע שכנים...

# קאַפּיטל ניין

אינעם יאָר 1941 האָב איך זיך באַקענט מיט אַ מיטאַרבעטער פון דער „פרייער אַרבעטער־שטימע״ מיטן נאָמען ש. ווייס.

אין אַ חברישן שמועס מיט אים האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער האָט אַ פּאָר מאָל שוין געלייענט מיינע אַרטיקלען אין דער „קאַליפאָרניער שטימע״ און אויך אין דער „פרייער אַרבעטער־שטימע״. ער קומט צום אויספיר, אַז איך וואָלט געקענט טאָן פאַר דער „פרייע אַרבעטער־שטימע״ אַ גוטע זאַך: איך זאָל זיך אונטערנעמען צו שרייבן פאַר דער צייטונג קאָרעספּאָנדענצן פון לאָס־אַנזשעלעס וועגן אַלץ וואָס עס געשעט אינעם דאָרטיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

איך האָב אויף דעם נישט געקאָנט געבן קיין באַלדיקן ענטפער. איך האָב זיך באַדאַרפט באַרעכענען: איך וווין דאָך אין אָנטאַריע, און כדי צו שרייבן נייעס פון לאָס־אַנזשעלעס וועל איך דאַרפן אָפטער אַרייַנפאָרן אין דער שטאָט טאַפּן דעם געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן דופק.

אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָב איך באַקומען אַ בריוול פון רעדאַקטאָר ה. פראַנק, און אויך ער האָט מיך געפרעגט, צי איך נעם אָן דעם „אָנבאָט״ וואָס ש. ווייס האָט מיר געמאַכט. איך האָב אים געענטפערט אַז יאָ.

אין אַ מיטנוואָכעדיקן טאָג האָב איך צוגעשלאָסן מיין געשעפט און געפאָרן קיין לאָס־אַנזשעלעס כדי צו קריגן אַ ביסל אינפאָרמאַציע פון דער ערשטער האַנט וועגן „אַלץ״ וואָס עס קומט פאָר אין די יוניאָנס און אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן בכלל. אויפן סמך פון דער אינפאָרמאַציע האָב איך אָנגעשריבן מיין ערשטע קאָרעספּאָנדענץ פון לאָס־אַנזשעלעס פאַר דער ניו־יאָרקער „פרייע אַרבעטער־שטימע״.

בקרוב האָב איך ווידער דערהאַלטן אַ בריוול פונעם רעדאַק־טאָר ה. פראַנק, אַלס ענטפער אויף מיין ערשטער קאָרעספּאָנדענץ. און דאָ איז זיין בריוול:

— „חשובער פריינד משה ווייסמאַן. איך האָב דערהאַלטן אייער ערשטע קאָרעספּאָנדענץ, אָבער איך קאָן נישט אורטיילן צי איר וועט אונדז שיקן פּאַסיקע קאָרעספּאָנדענצן. איר האָט ווייניקער צוגעטראָפן מיטן אינהאַלט, ווי מיט דער פאָרעם.

האָט אין זינען אָט וואָס: 1) מיר זענען נישט קיין טעגלעכע צייטונג. מיר דאַרפן האָבן זאַכן וואָס ווערן נישט גיך פאַרעלטערט. אייער ערשטע טעמע איז געווען פאַרעלטערט שוין אויף 3—4 טעג נאָכן אָנשרייבן. 2) מיר ווילן ספּעציעלע קאָרעספּאָנדענצן, דאָס מיינט — צו באַהאַנדלען זאַכן, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש און טיפּיש פאַר דעם פלאַץ גופא. 3) מיר וואָלטן וועלן, אַז יעדע קאָרעס־פּאָנדענץ זאָל האָבן איינע אָדער צוויי טעמעס פאַר זיך, כדי דעם ענין גרינטלעכער און אַלזייטיקער צו באַלייכטן, און נישט באַרירן אויבערפלעכלעך, ווי עס פירט זיך אין די טעגלעכע צייטונגען, וואָס ברענגען „בריוו פון דער פּראָווינץ". איך האָף פון אייך צו הערן אינגיכן. מיט גרוס, ה. פראַנק (1941).

אַזוי האָב איך גענומען אויף זיך אַ שווערע אויפגאַבע.

אָבער איך האָב מיין רעדאַקטאָר, וועלכער דרוקט מיינע „אַנ־דערע זאַכן", נישט געוואָלט אַנטוישן. בין איך געפאָרן קיין לאָס־אַנזשעלעס אַ צווייט מאָל און אַוועקגעשיקט די צווייטע קאָרעס־פּאָנדענץ. איך האָב געשריבן אַ סך קאָרעספּאָנדענצן, אָבער איך וועל אין דעם בוך אַריינגעמען בלויז עטלעכע.

דאָס אַלגעמיינע קעפּל איבער אַלע מיינע קאָרעספּאָנדענצן איז געווען: „וואָס הערט זיך אין לאָס־אַנזשעלעס". אין איינער פון זיי האָב איך געשריבן:

„אין די היינטיקע טעג איז מען ביי אונדז אין שטאָט שטאַרק פאַרנומען מיטן שאַפן געלט. דער אַרבעטער־קאָמיטעט גייט נאָך אָן מיטן „קאַמפּיין". עס איז שוין דורך די טוער געזאַמלט געוואָרן

איבער פינף און צוואַנציק טויזנט דאָלאַר (עס רעדט זיך דאָ וועגן יאָר 1941 — מ. וו.).

אין מיין לעצטער קאָרעספּאָנדענץ האָב איך שוין דערמאָנט וועגן דעם געפּלאַנטן שטרייק, וואָס די „אינטערנעשאָנעל" האָט געזאָלט רופן, נאָכדעם ווי ס'איז אָרגאַניזירט געוואָרן דער „ספּאָרט־ווער" פאַך. איך האָב אויך דערציילט, אַז עס האַלט דערביי, אַז דער שטרייק זאָל נישט פּאָרקומען, ווייל די „דזשאָבערס" (אַרבעטס־געבער) שטימען איין צו די פּאָדערונגען פון דער יוניאָן. און איצט ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות, דערוויס איך זיך, אַז דער שטרייק איז יאָ אויסגעבראָכן. מיטוואָך, דעם 11־טן מערץ זענען איבער טויזנט אַרבעטער, מיטגלידער פון דער „אינטערנעשאָנעל ליידיס גארמענט וואָרקערס יוניאָן", אַרויס אין אַ שטרייק, ווייל די פּאַרהאַנדלונגען צווישן דער יוניאָן און ספּאָרטוווער האָלסיילערס אססן האָט צו קיין רעזולטאַט נישט געבראַכט.

די יוניאָן באַשטייט דורכויס אויף אירע פּאָדערונגען: אַז די דזשאָבערס זאָלן נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די אַגרימענטס (אָפּמאַכן), וואָס די יוניאָן מאַכט מיט די קאָנטראַקטאָרס.

און כאָטש דער דערקלערטער שטרייק האָט אַרומגענומען בלויז טויזנט אַרבעטער פון די קאָנטראַקטינג־שעפּער, ווייזן אָבער אַלע סימנים, אַז דער שטרייק וועט זיין אַ געווינענער, ווייל די קאָנטראַקטאָרס אַליין זענען אין סימפּאַטיע צו דער יוניאָן. די שטרייקערס זענען זיך גלייך צוזאַמענגעקומען אין „לייבאָר־טעמפּל" צו פאַרהאַנדלונגען מיט אַ גרופּע קאָנטראַקטאָרס און מר. ליווײ, וויצע־פּרעזידענט פון דער „אינטערנעשאָנעל ליידיס גארמענט וואָרקערס" זאָגט, אַז דער אַרויסגערופענער שטרייק קאָן פאַרענ־דיקט ווערן נישט אַנדערש ווי מיטן הסכם פון די דריי צדדים: דער יוניאָן, די דזשאבערס, און די קאָנטראַקטאָרס.

די אַרויסגעשטעלטע פּאָדערונגען זענען: 37 און אַ האַלבע שעה אַ וואָך אַרבעט, אַ וואָך באַצאָלטער אורלויב, העכערונג פון שכירות און אַ אָרגאַניזירטער יוניאָן שאָפּ.

## מ׳שעמט זיך מיט יידיש

מיט אַ קורצער צייט צוריק האָב איך שוין געשריבן אין דער פ. א. ש., אַז ביי אונדז אין שטאָט גרייט מען זיך שטאַרק צום „געווערקשאַפטן־קאַמפּיין״. פאַר דעם צוועק איז אַהער געקומען ברוך צוקערמאַן.

נו, דער קאַמפּיין האָט זיך דאָ אָפּיציעל שוין פאַרענדיקט. די סומע אויף וועלכער מ׳האָט זיך דאָ געריכט צו שאַפן איז שוין ווייט אַריבערגעוואַקסן די דערוואַרטונגען. מ׳ריכט זיך, אַז די סומע וועט דערגרייכן ביז 40 טויזנט דאָלאַר.

אַזויווי אין די פאַרגאַנגענע יאָרן, אַזוי אויך האַיאָר האָבן די פירער פונעם קאַמפּיין גערופן אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג, אויסצוהערן אַ באַריכט פון די, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אינעם קאַמפּיין און אויך פון די, וועלכע האָבן דאָס געלט בייגעשטייערט.

דאָס מאָל איז אויף דער פאַרזאַמלונג פאָרגעקומען אַ זאַך וואָס וועט פאַרן יידיש־רעדנדיקן עולם זיין שווער צו באַגרייפן. אָבער פריער וועל איך דאָ דערמאָנען דאָס גוטע אויף דער פאַרזאַמלונג: דער פּלאַץ ווו די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען (בילטמאר־האָטעל) איז געווען גרויסאַרטיק. צום „באַל־רום״ אונטען דאַרף מען אַרונטערגיין ווי אין אַ טיפן קעלער אַריין, אָבער ווען מ׳איז שוין דאָרטן, געפינט מען זיך אין אַ מאָדערנעם, מיט געשמאַק איינגעאָרדנטן זאַל, ווו ס׳איז פאַראַן פּלאַץ פאַר צוויי טויזנט מענטשן.

...אין דעם גרויסן זאל זענען אַלע טישלעך געווען באַזעצט פון אַ פּילפּאַרביקן עולם, וואָס האָט טאַקע אויסגעזען יום־טובדיק. זאָל אָבער דאָ גלייך געזאָגט ווערן, אַז 95 פּראָצענט פון דעם עולם איז באַשטאַנען פון אונדזערע מענטשן, פון אַזעלכע וועלכע געהערן צו יידישע אָרגאַניזאַציעס, אָרדנס, יוניאָנס א. אַ. וו. די איבעריקע 5 פּראָצענט זענען געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן שוין דער־גרייכט צו „אַ העכערער מדרגה״, זיי האַלטן זיך פאַר „דזשוס״ און

פאַר „יאַהודים״. טאָקע צוליב זיי איז די געהויבענע פאַרזאַמלונג אַדורכגעפירט געוואָרן אויף ענגליש.

נאָך אַ סיבה איז געווען, פאַרוואָס די פאַרזאַמלונג איז געפירט געוואָרן אויף דער ענגלישער שפּראַך: די פירער פונעם קאַמפּיין האָבן צו דער פאַרזאַמלונג פאַרבעטן דעם ליבעראַלן סענאַטאָר פון יוטא, וויליאַם ה. קינג, אַז ער זאָל זיין דער פעסט־רעדנער. קעגן אים האָט, נאַטירלעך, קיינער נישט געהאַט וואָס אויסצוזעצן, דער סענאַטאָר האָט אויף דער פאַרזאַמלונג גערעדט אין די אינטערעסן פון אונדזער פאָלק; ער האָט פאָרגעשלאָגן אַ רעזאָלוציע צו פאַר־אורטיילן די האַנדלונג פון די ענגלישע באַאַמטע אין ארץ ישראל, פאַר נישט אַריינלאָזן די קנאַפּע אכט הונדערט יידישע וואָגלער אויף דער שיף „סטרומאַ״, וואָס אַלע זענען אומגעקומען אינמיטן ים.

אָבער אפילו דער סענאַטאָר וואָלט אויך נישט פאַרשעמט גע־בליבן, ווען ער וואָלט געדאַרפט אויסהערן עטלעכע ווערטער אויף יידיש. אָט איז ער געשטאַנען נאָענט צו דער פּלאַטפאָרמע און מיט גרויס אינטערעס זיך צוגעהערט צו די פּאָר נומערן אויף העברעיש, וועלכע זענען געוואָרן אויסגעפירט דורך דער יוגנט פון „הבנים־כאָר ביים השומר־הצעיר״. אָבער דאָס איז דאָך געווען אין „היברו״ און נישט אין יידיש. פאַר „היברו״ האָבן אפילו אונדזערע יאַהודים אַ ביסל דרך־ארץ, אָבער יידיש?...

די פירערשאַפט פון דעם גרויסן פאָלקס־מיטינג האָט אַפילו נישט געפונען פאַר נייטיק צוצולאָזן אַ פּאָר יידישע ווערטער, הגם נעבן דעם פּרעזידיום זענען געזעסן דער רעדאַקטאָר פון דער „קאַ־ליפאָרניער יידישע שטימע״ ה. רויזנבלאַט און די דיכטערין אסתר שומיאַטשער — צוויי ווירדיקע פאַרטרעטער פונעם יידישן וואָרט.

אָבער דער אינטערעסאַנטער עפּיזאָד איז דער: אַלע ווייסן זייער גוט, אַז דער „נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד״, די פועלי־ציון, מיט אַלע זייערע אָפּצווייגן, האָבן געהאַט א שטיקעלע שייכות מיטן גע־ווערקשאַפט־קאַמפּיין. איז דאָך דער גרעסטער טייל פון זייערע

מיטגלידער דווקא יידישע מענטשן... און אָט גאָרנישט לאַנג צוריק איז דאָך דער סעקרעטאַר פון פאַרבאַנד, ל. סיגאַל, אַרויסגעקומען אין „טאָג" מיט אַ געשריי: „יידיש זאָלט איר רעדן!".

איז אפשר וואָלט דער זעלבער סיגאַל זיין געשריי אַ ווענד־געטאָן צו זיינע אייגענע חברים, אַז זיי זאָלן אויך רעדן יידיש (12־טער מערץ 1942).

## פון אַ צווייטער קאָרעספּאָנדענץ „וואָס הערט זיך אין לאָס-אַנזשעלעס?"

„נישט יעדן איינעם פון אונדזערע שרייבער, דיכטער, גיט אָפּ דאָס פאָלק כבוד און אָנערקענונג ביים לעבן. אונדזער פרץ הירשביין איז פון די יחידים, לכבוד וועמען דער יידיש־רעדנדיקער עולם אין לאָס־אַנזשעלעס איז געקומען אין גרויסע מאַסן, כדי צו פייערן זיין 65־סטן געבוירנטאָג.

די פייערונג איז פאָרגעקומען שבת אָוונט, דעם 5־טן אָקטאָבער 1946, מוצאי יום כיפור, אין אַ שטיל ווינקל, נישט ווייט פון דער פּאַראַדנער גאַס ווילשייער בולוואַר.

אין דרויסן, אַרום דעם שיינעם „עבעל־טעאַטער", שטייען הונ־דערטער יידישע פאָלקס־מענטשן, יום־טובדיק אויפגעלייגטע. אַלע רעדן וועגן באַרימטן בעל־יובל. איך גיי צו נאָענט צו עטלעכע גרופּן מענטשן און כאַפּ אויף וואָס זיי רעדן: איינער דערמאָנט הירשביינס „גרינע פעלדער". ער דערציילט זיינע צוהערער וויפל מאָל ער האָט די פּיעסע שוין געזען. אין אַ צווייטער גרופּע שטייט איינער און לויבט הירשביינס „מיינע קינדער־יאָרן". אַנדערע דערמאָנען זיך מיט וויפל פאַרגעניגן זיי האָבן געלייענט הירשביינס „מרים".

א מיטליאָריקע פרוי, וועלכע רעדט אַ ריינעם יידיש, טוט אַ זאָג: „איר וועט מיר גלייבן? שוין אַ לאַנגע צייט אוועק זינט איך האָב איבערגעלייענט דאָס בוך „רויטע פעלדער און לאַנען", די העלדין פון בוך האָב איך נאָך נישט פאַרגעסן, זי שטייט מיר פאַר

די אויגן". אַ מאן מיט א גרויען קאָפּ טוט אַ זאָג: „אַי, וואָלט איך וועלן נאָך איינמאָל זען שפּילן הירשביינס „פּוסטע קרעטשמע"... אַ קורץ־בייכלדיקער ייד, מיט אַ גלאַנציקן קאָפּ שטעלט מיך אָפּ און זאָגט: „אויב איר ווילט הנאה האָבן פון אַ בוך, טאָ לייענט הירשביינס „ארץ ישראל".

אַרום טעאַטער פארגרעסערט זיך דער עולם. ביי דער קאַסע איז א געדראַנג: מען קויפט בילעטן, מען שטופּט זיך אין טעאַטער אריין. אין פאָיע הער איך ווי אַ מיידל זאָגט אויף ענגליש: „דער טעאַטער־זאַל איז דאָך שוין איבערפולט „טו קעפּעסיטי" (פון קאָפּ ביז פיס). און זי איז גערעכט. די זיץ־פּלעצער זענען שוין באַלד אַלע פאַרנומען, אויבן און אונטן. איך גיי אַריין און געפין מיין אָרט, איך קוק זיך אַרום איבערן טעאַטער און איך דערפיל עפּעס אַ שטאָלצ־קייט, קוקנדיק אויף דעם פּילפּאַרביקן עולם. אין קליינעם פאָרמאַט זע איך דאָ דאָס גאַנצע פאָלק, מענטשן פון אַלע קלאַסן און ריכטונ־גען פון דער גרויסער שטאָט לאָס־אַנזשעלעס. ביי אַ הירשביין־אָוונט איז נישטאָ קיין קלאַסן־מחיצה. עס זיצן אַרבעטער און באַלעבאַטים, דאָקטוירים און שול־יידן, יונג און אַלט. עס זיצן פאַרטרעטער פון אַלע פּאַרטייען אויף דער יידישער גאַס. מיט שפּאַנונג וואַרטן אַלע צו דערזען אויף דער צוגעגרייטער בינע פּרק הירשביינס „אַ פאַר־וואָרפן ווינקל".

עס איז מיר אויסגעקומען אַ סך מאָל צו זען אונדזערע היגע יידישע אַקטיאָרן שפּילן טעאַטער, אָבער קיינמאָל האָב איך זיי נישט געזען אַזוי פיין שפּילן, ווי דאָס מאָל. איך האַלט זיך נישט פאַר קיין טעאַטער־קריטיקער, אָבער איינס וויל איך דאָ זאָגן: ראובן ווענדראָף אין דער כאַראַקטער־ראָלע פון „טודרוס" לאָזט זיך ממש נישט פאַרגעסן.

גאָר דערהויבן און זייער איינדרוקספול איז געווען דער קלי־מאַקס פונעם גאַנצן אָוונט; פּרץ הירשביין, דער ציכטיקער, מיטן ווייסן קאָפּ לאַנגע האָר, גייט אַ שטאַטנער, מיט אַ יוגנטלעכן טראָט, גלייך צו דער בינע, און דער עולם אין דעם פול־געפּאַקטן טעאַטער

שטעלט זיך אויף און אַפּלאָדירט, רופט זיין נאָמען, און בענטשט אים מיט האַרציקע ברכות צו זיין 65־טן געבוירנטאָג.

ענדלעך שטילט זיך דער עולם איין. דער דיכטער ה. רויזנבלאַט שטעלט פֿאָר דעם באַרימטן בעל יובל פּרץ הירשביין.

איבערן טעאַטער הענגט אַ ציטערדיקע און פֿריידיקע שטילקייט. פּרץ פֿאַנגט אָן צו רעדן: — „טייערע חברים און פֿריינד!.. גרויס איז די וועלט. הונדערטער מיליאָנען לעבן אויף דער גרויסער ערד. הונדערטער פֿעלקער לעבן אויף דער ערד און עס איז זיי נישט ענג אויף איר. אַ גוטע ערד האָט גאָט באַשאַפֿן; אָבער פֿאַר די 10 — 11 מיליאָן יידן איז די ערד געוואָרן ענג, ווי מיר וואָלטן אַלעמען ענג געמאַכט. נאָך אין אונדזערע יאָרן איז אין קישעניעוו געווען דער גרויסער פּאָגראָם אויף יידן. מיר האָבן געוויינט אין יענער צייט און ביאַליק האָט דאַמאָלט אָנגעשריבן דאָס אויפּשוי־דערנדיקע ליד „די שחיטה שטאָט"...

פּרץ הירשביין לייענט אַ פֿראַגמענט פֿונעם ליד און זעצט פֿאָר זיין רעדע. ער ברענגט פֿאַר די אויגן אַ ווייט־פֿאַרגאַנגענעם פּעריאָד פֿון דער יידישער געשיכטע — שפּאַניע פֿון יאָר 1492. ער פֿירט אונדז איבער אַלע וועגן, ווו מ'האָט די יידן געטריבן, זיי געיאָגט און געפּלאָגט. דערנאָך קומט ער צו דער היינטיקער צייט און ער פֿירט אויס:

„נו, איז אונדז גוט אין דער היינטיקער צייט, ווען די וועלט קוקט נאָך אַלץ אויף אונדז קרום, און אויך איצט זענען דאָ קריסטן, וואָס זייער פֿאַרלאַנג איז אונדז אומצוברענגען. בלינד און טויב איז געווען די קריסטלעכע וועלט, ווען די נאַציס האָבן זיך פֿאַרמאָסטן צו פֿאַרטיליקן דאָס יידישע פֿאָלק. קיינער האָט נישט געזען אונדזער צער און אונדזער טרויער וואָס האָט געגעסן לעבעדיקערהייט"...

דער בעל היובל פֿאַרענדיקט מיט די ווערטער: „היינט איז געווען יום־כּפּור. לאָמיר יידן אין לאָס אַנזשעלעס לעבן אין שלום און אין אחדות. עס קומט אַ ניי יאָר. זאָל זיך אָנהייבן די צייט, ווען מיר זאָלן וואַקסן און ווערן אַ גרויס פֿאָלק!"...

אין יענער צייט, זייט דעם יאָר (1942) בין איך שוין געווען באַקאַנט מיטן רעדאַקטאָר פון „ביאַליסטאָקער שטימע", דוד סאַן. ער האָט שוין געהאַט אָפּגעדרוקט מיינע פּאָר „דערינערונגען". ערב פּסח האָב איך צוגעשיקט פאַרן זשורנאַל אַ באַשרייבונג וועגן דעם באַשאַפער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער שפּראַך, עספּעראַנטאָ, ד"ר לודוויק זאַמענהאָף.

איך האָב דערוואַרט, אַז עס זאָל זיין געדרוקט אינים פּסח־נומער. אָבער דאָס איז נישט געשען. אָנשטאָט דעם האָב איך באַקומען אָט דאָס בריוול:

„דעם 30־טן מערץ, 1942. ליבער פריינד משה ווייסמאַן.

דעם אמת געזאָגט האָב איך מורא אָנצוזאָגן אייך די בשורה, אַז אייער פיינער, אינטערעסאַנטער אַרטיקל וועגן ד"ר זאַמענהאָף האָט צו מיין גרויסן באַדויערן נישט געקאָנט אַריין אין דעם פּסח־נומער „ביאַליסטאָקער שטימע". די סיבה איז, וואָס מיר האָבן געהאַט גרויסע צרות מיט דער דרוק־מאַשין, וואָס האָט געבראַכט דערצו, אַז מיר האָבן געמוזט פאַרקלענערן די צאָל זייטן און אַ ריי אַרטיקלען אויסגעזעצטע און פאַרטיקע צום דרוק, צווישן וועלכע ס'איז אויך אייער אַרטיקל, האָבן געמוזט בלייבן פאַרן קומענדיקן נומער.

איך ווייס וויפל דאָס וועט אייך פאַרשאַפן עגמת־נפש, פּונקט ווי מיר. אָבער מיר מוזן האָבן געדולד. נישט אַלץ ליגט אין אונדזערע הענט. איר און איך וועלן דערפאַר האָבן מער נחת, ווען מיר וועלן דערלעבן צו זען דעם קומענדיקן נומער.

מיט די בעסטע ווונטשן צו אייך און אייערע נאָענטע פאַר אַ פריילעכן פּסח.

פון מיר, אייער דוד סאַן

פּ. ס. בייגעלייגט איז אייער האָנאָראַר פאַר דעם אַרטיקל.

*

די פערציקער יאָרן האָבן זיך ביי מיר אויסגעפילט מיט גייסטיקן

אינהאַלט. מיין פרייע צייט האָב איך אויסגענוצט צום לייענען און שרייבן. קיין לאָס־אַנזשעלעס בין איך געפאָרן אָפּט. דאָס זעלביקע פאַרקערט, מיינע פריינד פלעגן קומען צו מיר צוגאַסט. מערסטנס אין אַ זונטיקדיקן טאָג.

מיין פריינדין גאָלדע שלאָסבערג־אַרפין, אַ טוערין אינעם יידישן קולטור־לעבן, פלעגט נישט קומען אליין: זי האָט ביי איר יעדן מאָל קומען געברענגט אין איר מאַשין אַ גאַסט — אַמאָל איז דאָס געווען יעקב גלאַטשטיין, אַמאָל לאַמעד שאַפּיראָ, אַמאָל די הירש־ביינס און אַמאָל ה. רויזנבלאַט מיט זיין פרוי.

אָבער איינמאָל איז געקומען קיין לאָס־אַנזשעלעס דער גרויסער דיכטער ה. לייוויק. לייוויק האָט געוואָלט זיך אָפּרוען אין אַ שטילן אָרט, האָט גאָלדע אים געברענגט קיין אָנטאַריע אויף עטלעכע טעג. דערפאַר איז לייוויק שוין געוואָרן מיין גאַסט אויך. ער פלעגט אַריינקומען צו מיר (ס׳איז נישט ווייט געווען) יעדן טאָג. איינמאָל האָט ער מיטגעברענגט אַ לענגערע פּאָעמע, וואָס ער האָט אין יענע טעג אָנגעשריבן. דער נאָמען פון דער פּאָעמע איז „רינג פון סך הכל״. געשריבן האָט ער זי מיט דער פּען און ער האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל די פּאָעמע קאָפּירן אויף מיין שרייבמאַשין. איך האָב געמאַכט דריי קאָפּיעס. איינע פון זיי האָט ער מיר געשענקט מיט זיין אונטערשריפט.

איינמאָל, אין אַ זונטיק, איז גאָלדע געקומען מיט נייע געסט: איר שוועסטער רחל מיט איר קליין טעכטערל „מיצי״, די הירשביינס, דוד פּינסקי און ש. מיללער.

דער טאָג איז געווען אַ שיינער. איז מען צוגעפאָרן דרייצן מייל, ווו מ׳האָט געקאָנט אָנקוקן אַ שיינעם פּלאַץ: אַ האָטעל פאַר די רייכע, מיט אַ טייכל צום שיפן זיך. דאָרט איז געווען אַ רייצנדיק בערגל. הירשביין און דוד פּינסקי האָבן זיך אַרויפגעדראַפּעט אויפן בערגל און צוריק אַרונטערגעלאָפן, יאָגנדיק איינער דעם צווייטן...

יענעם זומער איז אויך געקומען דער באַוווסטער שרייבער י. י. זינגער. מיט אים איז מיר אָנגעקומען לייכט צו באַפריינדן זיך.

ווען ער האָט מיך פּאַרלאָזט, האָב איך לאַנג געטראַכט וועגן אים. און היינט טראַכט איך נאָך מער וועגן אים און די אַנדערע, וועלכע זענען פון אונדז אַוועק אין דער אייביקייט: זינגער, ל. שאַפּירא, פּרץ הירשביין, ה. רויזנבלאַט, ש. מיללער, ד. פּינסקי — זאָל זייער אָנדענק נישט פֿאַרגעסן ווערן. ש. מיללער איז געווען פון די שוויי־גער. אָבער ווען ער פלעגט קומען צו מיר, האָט ער שטענדיק גע־רעדט. ער האָט זיך אויך אינטערעסירט מיט מיינע קינדער. דאָס זעלבע הירשביין און רויזנבלאַט.

זינט הירשביין איז טויט, שרייב איך עפּעס אָן צו זיין יעדן יאָר־צייט. צו זיין צענטן יאָרצייט האָב איך אָנגעשריבן אַ קורצן אַר־טיקל און עס געדרוקט אין „היימיש״ און אין דער „פרייע אַרבעטער שטימע״.

*

אַז מען האָט אַ געשעפט איז זיך שווער אויסצוקלויבן וועלכן קליענט יאָ צו באַדינען און וועלכן נישט. אָבער אַ געניטער גע־שעפטסמאַן פאַרשטייט זיך אויף אַן אומגעוווּנטשענעם קליענט און ער ווערט פון אים פּטור אויף אַן איידעלן אופן. פאַראַנען אָבער אַזעלכע קליענטן, פון וועלכע מ׳דאַרף זיך באַפרייען מיט אַלע מיטלען.

צו מיר איז אַריינגעקומען אַ דזשענטלמען, פיין אָנגעטאָן, אַן אָסאָבע פון אַ מאַן, וואָס גיט אייך צו פילן, אַז ער טוט אייך א טובה מיט זיין אַריינקומען צו אייך. מילא, איך שטיי גרייט „צו דינען״ אים. אָבער עס נעמט נישט לאַנג, און איך דערפיל פון אים אַן אַנטי־סעמיטישן ריח: ער פרעגט ביי מיר ווי לאַנג איך טו די דאָזיקע אַרבעט, ס׳איז אים אַ גרויסער חידוש — ווייל יידן נעמען זיך מערסטנס צו מסחר... גראָד האַלט איך מיין בריטווע אָנגעשטעלט אויף זיין גאָרגל... פאַלט מיר איין, אַז פריער זאָל איך אים אָפּטאָן אַ שפּיצל און דערנאָך פאַרטרייבן אים. טו איך אויף אים אַ פיר די בריטווע ווי מיט אַ זעג און מאַך אַ מינע, ווי איך וואָלט אים אַ שניט געטאָן. זיין פנים ווערט בלאַס פון שרעק און נאָך איידער ער

הערט אויס מיין אַנטשולדיקן זיך, נעמט ער שעלטן אַלע יידן... עס האָט אים אָבער דאָס האַרץ געזאָגט, אַז ער זאָל צו אַ ייד נישט אַריינגיין — זאָגט ער — און ער איז גרייט מיר צו געבן אַ „פאנטש" אין נאָז. אָבער איך לאָז אים נישט רירן פון אָרט. איך זאָג אים, אַז איך וועל פריער „דאָס בלוט אָפּשטעלן", נאָכדעם וועט ער קאָנען טאָן וואָס ער וויל. איך נעם שטיקלעך וואַטע און „וויש דאָס בלוט"... איך הייס אים אָבער ליגן רויק. איך וויש און וויש, און ער מוז ליגן אין איין פּאָזיציע, נישט אַ דריי טאָן דעם קאָפּ. ער קרעכצט און בעט מיך שוין כ׳זאָל פאַרהיטן זיין ווייס העמד זאָל זיך נישט פאַרשמירן מיט בלוט. איך זאָג אים צו, אַז איך וועל זיין פאָרזיכטיק. אָבער דאָס האַלט אים נישט אָפּ פון צו באַרעדן די יידן, און אַז איך בין אויך נישט בעסער. ערשט נאָך אַ פינף מינוט, ווען איך זע, אַז ער וועט עס מער נישט אויסהאַלטן, וויש איך אים אַרום און זאָג אים, אַז ער זאָל זיך אויפזעצן און אַריינקוקן אין שפּיגל. „ווו איז דער שניט?" — פרעגט ער מיך און ווערט רויט און בלאַס... ער פאַרשטייט שוין, אַז איך האלט אים פאַר אַן אידיאָט, אַ ווילדן אַנטיסעמיט. ער רעדט גאָרנישט, באַצאָלט מיר און לויפט אַרויס אַ פאַרשעמטער.

# קאַפּיטל צען

די גאַס ווו איך וווין, יוקליד־עוועניו, איז דערווייל געוואָרן מער באַפעלקערט. די מלחמה־יאָרן האָבן פאַרגרעסערט דאָס שטעטל. עס זענען אָנגעקומען אַ סך נייע מענטשן. עס האָט זיך אויך פאַרבעסערט מיין געשעפט; עס קומען אַריין צו מיר נישט נאָר די אַרומיקע שכנים־פּאַרמערס, נאָר אויך שטאָטישע געשעפטסלייט און פּראָפעסיאָנאַלן; די לערער פון טשייפּי־קאָלעדזש, און אַנדערע שול־לערער. די פּראָטעסטאַנטישע גלחים קומען אויך אַריין און זיי זענען גרייט צו מאַכן פון מיר אַ „גוד קרישטשן" (אַ גוטן קריסט). זינט אַ סך יאָרן קומט צו מיר אַריין אַן אלטער, פרומער קריסט. ער איז מיינער אַ שכן. וואָלט ער געהאַט מער כוח, וואָלט איך אים געבעטן גיין אין שטעטל אַריין, זאָל ער דאָרט זיך אָפּשערן זיינע ווייסע האָר פון קאָפּ, ווייל ווען ער קומט (יעדע צווייטע וואָכן און דווקא שבת אינדערפרי), האָט ער שטענדיק עפּעס צו דערציילן וועגן אַ ייד. ער האַלט, אַז די יידן זענען א גאָטלאָז פאָלק, דערפאַר קאָנען זיי נישט זיין ערלעך...

איך האָב שוין ביי זיך געהאט אָפּגעמאַכט, אַז איך וועל מוזן געפינען אַ מיטל, ווי אַזוי צו באַפרייען זיך פון אים. אָבער אויף מיין מזל איז עפּעס געשען ווען ער איז אין אַ שבת אינדערפרי צו מיר אַריינגעקומען.

עס איז געווען צען אַזייגער, און איך האָב גראָד אָנגעשטעלט מיין קליינעם ראַדיאָ, כדי צו הערן אַ יידישע אוידיציע פון טשיקאַגאָ. אין צייטונג האָב איך געלייענט, אַז דער דאָרטיקער „טעמפּל" וועט טראַנסמיטירן דאָס דאַווענען.

אַ חזן האָט אָפּגעדאַוונט עטלעכע פסוקים און אַ ראַביי האָט איבערגענומען דעם מיקראָפאָן. דעם ראַביס שטים איז געווען שאַרף

און איינדרוקספול. ער האָט גערעדט וועגן יידישער עטיק. ער האָט ציטירט פסוקים פון יידישע ספרים און געלאָסן גערעדט: „זעקס טעג זאָלסטו טאָן דיין אַרבעט און אויפן זיבעטן טאָג זאָלסטו רוען; דיין אָקס און דיין אייזל זאָל אויכעט רוען".

„ווען דיין ברודער וועט פאַראָרעמט ווערן און זיך צו דיר פאַרקויפן, זאָלסטו מיט אים נישט אַרבעטן ווי מיט אַ שקלאַף, נאָר ווי אַ געדונגענער, אָדער ווי אַן איינוווינער זאָל ער ביי דיר פאַררעכנט ווערן".

„שטאַרק זיך נישט צו עסן קיין בלוט, ווייל בלוט איז לעבן".

דער ראַביי מיט זיין גוטן ענגליש און קלאָרער דיקציע האָט אַזוי אָפּגערעדט אַ צען מינוט. דערנאָך האָט ווידער דער חזן גענומען זינגען.

מיינע צוהערער זענען געזעסן ווי פּריטשמעלעטע. און דער אַלטער, פרומער קריסט איז פאַמעלעך אויפגעשטאַנען פון זיין זיצאָרט און צו מיר צוגעגאַנגען. ער האָט אַוועקגעלייגט זיין ציטערדיקע האַנט אויף מיין אַקסל און געזאָגט: „פאַרגיוו מי בראָדער... איי דידנט נאו יוו פּיפּל... איי עם איי סינער... יעס, איי העוו סינד אגענסט יור פּיפּל, פאַרגיוו מי מיי בראָדער!" (פאַרגיב מיר, ברודער, איך בין אַ זינדיקער... איך האָב געזינדיקט קעגן דיין פאָלק... איך האָב עס נישט געקענט). צום סוף האָט ער מיט זיין האַנט אַ וויש געטאָן זיינע אויגן און זיך צוריקגעזעצט אויף זיין שטול ווי אַ פאַרזינדיקטער...

*

די יאָרן 1941—1945 זענען ביי מיר געווען די אומרויִקסטע פון מיין לעבן. אין יאָר 1945 האָב איך זיך ערשט דערוווּסט דעם טרויעריקן אמת, אַז די דייטשן האָבן אויסגעמאָרדעט מיין גאַנצע משפּחה: טאַטע־מאַמע, מיין שוועסטער מיט אירע קינדער, און איין שוועסטער, אַ נישט־פאַרהייראַטע. פון אָט דער שוועסטער, ראָזע, האָב איך אין 41־סטן יאָר באַקומען איר לעצט בריוול:

„סעמיאַטיטש, דעם 12־טן דעצעמבער 1941.

צו מיין ליבן ברודער משה! זאָלסט זיין געזונט, דו מיט דיינע צוויי קינדער. ענדלעך, נאָך אַ לאַנג ווארטן האָב איך דיין בריוול דערהאַלטן. עס פרייט אונדז צו הערן, אַז דו מיט די קינדער זענען געזונט און אַז דו פאַרדינסט שוין אויף דיין לעבן אין קליינעם שטעטל. עס האָט אונדז פאַרשאַפט פאַרגעניגן צו הערן, אַז דו באַזיצסט שוין אַן אייגן הויז. הלוואי זאָל ביי דיר זיך אָנהייבן דאָס גוטע. פון אונז קאָן איך דיר שרייבן א דאַנק גאָט. אונדזערע עלטערן גייען אַרום צו ביסלעך...

איך האָב באַקומען אַ פּאָסטן אין אַן אַפּטייק אלס קאַסירשע. איך פאַרדין אויף אונדזערע לעבנס־באַדערפענישן. בעט איך דיך, אַז דו זאָלסט קיין געלט אונדז מער נישט שיקן. זע, אַז דו זאָלסט האָבן פאַר זיך וואָס דו דאַרפסט. פון דיר פאַרלאַנגען מיר בלויז, אַז דו זאָלסט צו אונדז שרייבן אָפטע בריוולעך. דיין בילד, וואָס האָסט געשיקט, האָט די עלטערן פאַרשאַפט אַ סך פרייד.

נו, דערוויילע... פילן מיר זיך דאָ... פריי... הלוואי אויף לאַנג... דאָס וועטער איז נישט מילד... דער טאַטע בעט מיך איך זאָל אויך צושרייבן זיין גרוס, און די מאַמע אויך. דער טאַטע וואָלט זיך אליין אונטערגעשריבן, אָבער זיין האַנטשריפט איז שוין נישט ווי אַמאָל... טאָ זיי געזונט. מיר אַלע גריסן האַרציק דיינע קינדער.

פון מיר דיין שוועסטער ראָזע".

דאָס איז איר לעצט בריוול. די דייטשן האָבן זיי אַלע דערמאָרדעט.

*

צו מיר פלעגן אַריינקומען עטלעכע דייטשן, אַלטע תושבים אין דאָזיקן שטעטל. אָבער דייטשן זענען דייטשן, און איך האָב זיי נישט געוואָלט באַדינען. אָבער איינמאָל, אין יאָר 1944, ווען מיר האָבן שוין אַלע געוווּסט וועגן דעם גרויסן בראָך, וואָס אונדז האָט געטראָפן, איז צו אונדז אַריינגעקומען אַן עלטערער מאַן, וואָס האָט לכתחילה מיך דערמאָנט אינעם פוילישן פּיאַניסט פּאַדערעווסקי;

ער האָט אויך געהאַט אַ ווייסן קאָפּ האָר, אַ שפּיציק בערדעלע מיט צוויי וואָנסעס, אָבער ער איז געווען אָנגעטאָן ווי אַן אַמעריקאַנער פּאַרמער. אָבער ווי נאָר ער האָט אָנגעהויבן צו מיר צו רעדן, האָב איך אַרויסגעפילט פון אים דעם דייטשישן אַראָגאַנט, די זעלבסטזי־כערקייט בעת ער רעדט צו עמיצן.

וואָלט ביי מיר אין געשעפט אַחוץ אים קיינער נישט געווען, וואָלט איך אים גלייך געהייסן גיין. עס זענען אָבער געזעסן נאָך מענטשן, האָב איך געשוויגן.

דער אַריינגעקומענער האָט אויסגעטאָן זיין פּאַרמערישן מאַנטל און זיך געזעצט וואַרטן אויף זיין ריי. ווען ער האָט זיך שוין אַוועק־געזעצט אויף מיין באַרבער־שטול, איז ער שוין געווען דער איינצי־קער קליענט. איך האָב גיך גענומען שניידן זיינע ווייסע האָר פון קאָפּ. איך האָב געוואָלט וואָס שנעלער אים אַרויספּטרן. אָבער פּלוצ־לינג גיט ער מיך אַ פרעג: „ווי שפּעט איז איצט?" (ער רעדט אַ גוטן ענגליש). ענטפער איך אים. זיין בליק פאַרלויפט צום קליינעם ראַדיאָ אויף אַ טישעלע און ער זאָגט צו מיר: איך וויל, אַז איר זאָלט אָנשטעלן דעם ראַדיאָ, — ברונאָ וואַלטער דיריגירט היינט מיטן סימפאָנישן אָרקעסטער... דאָס האָט מיך אַ ברען געטאָן. איך פרעג אים: „איר זענט אַ פאַרערער פון ברונאָ וואַלטער? ער איז דאָך אַ ייד! און אייערע דייטשן האָבן אים דאָך אַרויסגעטריבן פון אייער דייטשלאַנד!".

דער דייטש איז געבליבן אַ דערשטוינטער און צו מיר גע־זאָגט: „איך בין נישט איצט געקומען פון דייטשלאַנד. איך בין אַן אמעריקאַנער. איך בין נישט געקומען צו אייך רעדן וועגן פּאָליטיק. איך האָב ליב ברונאָ וואַלטער, ווייל ער איז אַ גוטער דיריגענט!".

„אויב אַזוי — זאָג איך — טאָ פאַרוואָס האָט איר נישט פּראָ־טעסטירט ווי אַן אמעריקאַנער? איר האָט דאָך נישט געדאַרפט מורא האָבן פאַר יענע דייטשן... אָ, יעס, איר זענט נישט פאַראַנט־וואָרטלעך. נאָר ווען איין ייד איז ביי אייך שולדיק, זאָגט איר, אַז אַלע יידן זענען שולדיק...".

דער דייטש האָט מײנע װערטער איגנאָרירט און אויפסניי מיך געבעטן, אַז איך זאָל אים אָנשטעלן דעם ראַדיאָ. אָבער איך האָב אים געענטפערט, אַז זיינע האָר זענען שוין אָפּגעשוירן און ער קאָן שוין פאַרלאָזן די שטול.

ער איז אַראָפּ פון דער שטול, האָסטיק אַ כאַפּ געטאָן פונעם הענגער זיין מאַנטל, אים אָנגעטאָן און מיט פאַרפרעסטע ליפּן עפּעס אַ װאָרטשע געטאָן...

ער האָט מיר באַצאָלט פאַר דער אַרבעט. נאָך פאַרן אוועקגיין האָט ער פון זיין מאַנטל־קעשענע אַרויסגענומען אַ צוויי־בלעטלדיק פּאַמפלעטל און עס אוועקגעלייגט אויף מיין שטול. ווען ער האָט שוין געעפנט די טיר, האָט ער אַ זאָג געטאָן צו מיר: „איר זענט נישט בעסער פון יענע... יענע האָבן מיך פאַרטריבן פון די גרויסע שטעט, פון די אָרקעסטערס, מיט וועלכע איך האָב דיריגירט... (געהאַלטן אים אַלס נאַצי). מיר וועט שוין זיין אַ סך ליבער דאָ, אויף דער פאַרם, ווו איך האָדעווע חזירים".

ווען ער איז אַוועקגעגאַנגען, האָב איך איבערגעלייענט די בריוולעך, וואָס זענען געווען געדרוקט אויפן פּאַמפלעטל מיט זיין פאָטאָגראַפיע: דאָס זענען געווען דאַנק־בריוו פון מוזיקאַלישע אינ־סטיטוציעס, וועלכע האָבן אים שטאַרק געלויבט אַלס דיריגענט.

*

אין יענע גרויליקע טעג, ווען די דייטשן האָבן היטלערן אויפ־גענומען אַלס זייער „מלאך הגואל", איז נאָך נישט געווען צו שפּעט צו ראַטעווען יידן. אָבער נישט אַלע יידן האָבן געהאַט די מעגלעכ־קייט צו פאַרלאָזן דייטשלאַנד. בלויז די, וואָס האָבן געקאָנט זענען געלאָפן ווו די אויגן האָבן זיי געטראָגן. צוזאַמען מיט די אַנטלאָפענע איז אויך געווען אַ יידיש מיידל. טאַטע־מאַמע האָבן איר צוגערעדט זי זאָל עס טאָן, כאָטש זיי אַליין האָבן זיך נישט געקאָנט ראַטעווען. דאָס יידישע מיידל איז אָנגעקומען קיין שאַנכיי. דאָרטן, אין דעם פרעמדן לאַנד, צווישן פרעמדע מענטשן, האָט זי זיך ענדלעך דער־

שלאָגן צו אַן ארבעט. זי איז געוואָרן אַ קעלנערקע אין אַ רעס־טאָראַן. ווענן זיך האָט זי נישט געהאַט וואָס צו זאָרגן. אָבער די זאָרג וועגן אירע עלטערן האָבן איר פאַרביטערט דאָס לעבן. ווען זי וואָלט אויך זיי געקאָנט פון דאָרט אַרויסראַטעווען...

אַרבעטנדיק אין דעם גרויסן רעסטאָראַן, ווו עס קומען אַמע־ריקאַנער. האָט זי זיך באַגעגנט מיט אַן אמעריקאַנער אינטעליגענטן יונגנמאַן. זיי זענען זיך שטאַרק געפעלן געוואָרן און זיך פאַרליבט. זיי האָבן אָבער ווינציק גערעדט דערפון. דער דאָזיקער יונגערמאַן איז געשיקט געוואָרן קיין שאַנכיי צוליב געשעפטלעכע ענינים און געאַרבעט דאָרט פאַר אַ גרויסער אַמעריקאַנער פירמע.

דאָס מיידל פלעגט זיצן פאַרטראַכט, אפילו זייענדיק מיט אים; ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זי איז פון עפּעס באַאומרויקט. ער איז צו איר צוגעשטאַנען, זי זאָל אים אויסזאָגן וואָס עס באַאומרויקט זי. האָט זי אים דערציילט איר טראַגישע געשיכטע און איר זאָרג וועגן אירע עלטערן. אויף דעם יונגנמאַן האָט די געשיכטע געמאַכט אַ שווערן איינדרוק. פאַר אירע אומגליקלעכע עלטערן אין דייטשלאַנד קאָן ער גאָרנישט טאָן. בפרט ווען זי אַליין ווייסט נישט צי זיי לעבן נאָך דאָרט... אָבער פאַר אירעטוועגן נעמט ער זיך אונטער עפּעס צו טאָן. ער האָט טאַקע באַלד אָנגעשריבן אַ בריוו צו זיין מוטער אין אַמעריקע, דערציילט דעם מיידלס טרויעריקע געשיכטע, און ביי איר געפרעגט צי זי קאָן באַקומען די נייטיקע דערלויבעניש, אַז דאָס מיידל זאָל קאָנען קומען קיין אַמעריקע.

די מוטער, אַ מענטש מיט אַ גוט האַרץ, האָט איר זונס פאָר־שלאָג גענומען אין באַטראַכט. זי איז געקומען צום באַשלוס, אַז פריער דאַרף זי זיך אַדורכרעדן מיט עטלעכע יידישע כלל־טוער אין שטעטל. זי האָט אויך אָנגעשריבן אַ בריוו קיין ניו־יאָרק צו ראַביי וויס, אים אָנגעפרעגט צי קאָן ער איר מיט עפּעס העלפן אין דעם דאָזיקן ענין. דאַן האָט זי אָנגעשריבן אַ בריוו צו איר זון אין שאַנ־כיי און גלייכצייטיק מיטגעשיקט אַ בריוו צו דעם יידישן מיידל. איידער זי האָטביידע בריוו אַוועקגעשיקט, האָט זי זיך באַגעגנט מיט

נאָך אַ יידישן כלל־טוער, מיסטער לאַנגסנער, און אויך מיט אים געהאט אַ שמועס. נאָך דעם שמועס מיט דער קריסטלעכער פרוי, וועלכע איז אַ לערערין אין דער היגער הייסקול, איז מיסטער לאַנגסנער מיט איר געקומען צו מיר. די פרוי האָט אויף מיר געמאַכט אַ טיפן איינדרוק. איך האָב איר געגלייבט יעדעס וואָרט. ווען זי האָט מיר דערציילט, אַז זי האָט אָנגעשריבן אַ בריוו צום יידישן מיידל, האָב איך זי געפרעגט צי איך מעג איר בריוו לייענען, זי האָט נישט געהאַט גאָרנישט קעגן מיין פאַרלאַנג. נאָכן איבערלייענען איר בריוו, האָב איך זי געבעטן זי זאָל מיר דערלויבן איבערצוזעצן איר בריוו אויף יידיש. זי האָט מיר דאָס אויך דערלויבט.

און דאָ איז איר בריוו, אַ בריוו פון אַ קריסטין צו אַ יידיש מיידל, וואָס איז געוואָרן פאַרטריבן פון איר היים, פון איר לאַנד, אַזש קיין שאַנכיי, כינע.

„דעם 3־טן יוני, 1941, אָנטאַריע, קאַליפאָרניע.

מיס אַדעלאַ באַור, שאַנכיי, האַנקין רעפיודזשי קעמפּ. וואַרד ראוד 138, כינע.

טייערע מיס באַור! איך האָב וועגן דיר געהערט אַזויפיל אין די לעצטע פּאָר חדשים, אַז איך קען דיך שוין פּערזענלעך און איך טראַכט פון דיר אַ סך. לעצטנס איז מיין סימפּאַטיע צו דיר און דער פאַרלאַנג צו העלפן דיר געוואָרן אַזוי שטאַרק, אַז איך פיל ווי איך וואָלט געליטן פון עפּעס אַן אינערלעכן ווייטיק. איך וואָלט זיך געפילט בעסער, ווען איך קאָן שוין עפּעס טאָן פאַר דיר. אָבער דו ביסט די איינציקע, וואָס קאָן מיר זאָגן אין וואָס זאָל באַשטיין דער „עפּעס".

אויב דו ביסט מסכים, בין איך גרייט אויסצואַרבעטן פאַר דיר די נייטיקע פּאַפּירן, אַז דו זאָלסט קאָנען קומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן. איך בין זיכער, אַז די סומע געלט, וואָס דו וועסט דאַרפן פאַר דיין רייזע, און אַנדערע קלייניקייטן, וועט זיין גרייט, ווי נאָר דו וועסט מיר צוּוויסן טאָן וועגן אַלץ וואָס איך פרעג ביי דיר. איך האָב שוין אויך אַ פאַרזיכערונג פון די יידן אין אָנטאַריע, אַז זיי

זענען גרייט מיטצוהעלפן. ווען דו וועסט קומען, וועלן פריינטלעכע טירן זיין פאַר דיר אָפן און דו וועסט מער נישט זיין אַליין.

אַך, ווען ענלעכע פריינד וואָלטן דאַן געקומען העלפן דיינע טאַטע־מאַמע!

מיין ליבע! דיין מוט, שטאַנדהאַפטיקייט און זיסקייט וואָס דו האָסט באַוויזן (מיין זון האָט עס מיר איך זיינע בריוו באַשריבן), האָט פאַרכאַפּט מיין האַרץ. „איט טרילד מי"... איך פרעג ביי זיך: ווי אַזוי קאָן איך דערציען מיין אייגענע טאָכטער אָט אַזוי ווי דו ביסט? אפשר שפּעטער, ווען דו וועסט קומען אַהער וועסטו מיר אויפקלערן.

צום סוף וויל איך דיר נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל פאַרזיכערן, אַז ווען דו וועסט אָנקומען אַהער אין לאַנד, וועסטו נישט זיין צו קיינעם פאַרפליכטעט, אַ חוץ צום לאַנד, וואָס מיר אַלע ליבן שטאַרק און איך האָף אַז דו וועסט אויך גיך לערנען דאָס לאַנד ליב האָבן. לאָיאַל־קייט צום לאַנד איז דער ערשטער באַדינג. איך זע שוין אין דיר די צוקונפטיקע אַמבאַסאַדאָרין פאַר די אומשולדיקע נאַצי־קרבנות, דאָ — אין אונדזער פריי לאַנד".

צום סוף פון איר בריוו האָט די גוטע פרוי צוגעשריבן די פאָעטישע פערזן:

„ווייל נעכטן איז בלויז אַ חלום און מאָרגן איז בלויז אַ דערשיינונג, אָבער היינט גוט געלעבט, מאַכט יעדן נעכטן אַ חלום פון גליקזעליקייט און יעדן מאָרגן אַ דערשיינונג פון האָפענונג"...

אונטערגעשריבן: „פון מיר דיין אויפריכטיקע פריינדין מ. האָלדין".

## קאַפּיטל עלף

באַלד ווי די מלחמה איז פאַרענדיקט געוואָרן און דאָס פאַר־גאָסענע בלוט פון מיליאָנען יידישע קרבנות, וואָס די דייטשן האָבן אויף אַ בעסטיאַלישן אופן אומגעבראַכט, איז נאָך נישט פאַרטרוקנט געוואָרן — האָט זיך דאָ אין לאַנד שוין גענומען הערן „די שטים פון אַמעריקע", אַז מען טאָר נישט משפטן „דאָס גאַנצע דייטשע פאָלק" פאַר די מערדערייען וואָס זענען באַגאַנגען געוואָרן. אָבער די העכסטע שטים פון פאָלק, וועלכע האָט אַלע אנדערע שטימען איבערגעשריגן, האָט געהערט צו דער דאַן נאָך באַרימטער זשור־נאַליסטין, דאָראָטי טאָמפּסאָן.

איך האָב אין יענער צייט אָנגעשריבן אַן אַרטיקל מיט דעם נאָמען „דאָראָטי טאָמפּסאָן די חוזר־בתשובהניצע", אין וועלכן איך שרייב צווישן אַנדערן:

„דאָראָטי טאָמפּסאָן האָט אין יאָר 1938 געהאַט געשריבן אַר־טיקלען מיט רחמנות צום יידישן יינגל הערשל גרינשפּאַן, וואָס האָט דערשאָסן דעם סעקרעטאַר פון דער דייטשער אַמבאַסאַדע אין פּאַריז, ערנסט פאָן ראַט, אַלס א נקמה־אקט פאַר די דייטשע רציחות קעגן די יידן. זי איז געקומען צו אונדז מיט איר טרייסט־וואָרט. זי האָט דעמאָלט געשריבן אין „ניו־יאָרק הערALD טריביון" „אַ בריוו צו אַ יידישן פריינד". אָט זענען אירע ווערטער:

„אפשר איז אייך שווער צו גלייבן, אַז דאָס געשריי וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון אייער האַרץ איז אויך געוועזן פון מיין האַרץ". און מיר, אירע יידישע לייענער, האָבן געגלויבט, אַז זי מיינט עס ערנסט, ווייל זי האָט אינגיכן פאַרוואַנדלט אירע אייגענע רייד אין מעשים. זי האָט דאַן אָרגאַניזירט אַ פאַרטיידיקונגס־פאָנד פאַר דעם

יידישן יונגנמאַן, הערשל גרינשפּאַן. טאַקע מיט דעם האָט זי גע־וויזן דער וועלט, אַז זי איז אויף דער זייט פון די גערודפטע, אויף דער זייט פון די גערעכטע. שפּעטער האָט עפּעס געמוזט געשען אין איר פּערזענלעך לעבן — און איר „מוטערלעך האַרץ" האָט גאָר גענומען ווייטיקן פאַר די רודפער. איר צונג האָט גענומען רעדן אַנדערע רייד.

אין דער ענגלישער פּרעסע האָבן זיך געוויסע קלאַג־מוטערס צעוויינט איבער „דעם שרעקלעכן גורל", וואָס הענגט איבער דעם דייטשן פאָלק; זיי האָבן געטענהט, אַז דאָס פאָלק איז נעבעך אומ־שולדיק, בלויז היטלער איז שולדיק — און צו אונדזער גרויסער איבעראַשונג איז אויך טאָמפּסאָן צוגעשטאַנען צו אָט דעם וויינענדיקן כאָר.

דאָראָטי טאָמפּסאָן האָט גענומען שרייבן, אַז מען טאָר נישט משפּטן דאָס גאַנצע דייטשע פאָלק. זי איז געוואָרן די „אָפיציעלע פאַרטיידיקערין" פון גאַנצן דייטשן פאָלק. זי האָט אַפילו נישט גע־וואַרט עס זאָל אויפשטיין אַ ריכטער, וואָס זאָל זיי משפּטן. דורך אירע אַרטיקלען און דורכן ראַדיאָ האָט זי געמאָנט יושר פאַרן „אומשול־דיקן פאָלק". און צו איר גרויס גליק האָט דאָס וועכנטלעכע ראַ־דיאָ־פּראָגראַם „טאַון־האָל" זיך פאַרטראָגן אויף איין וואָך צייט אַזש קיין קאַנאַדע, טאַקע צוליב דעם ציל: אַן עפנטלעך געריכט זאָל אַרויסטראָגן דעם משפּט צי איז בלויז היטלער שולדיק, צי דאָס גאַנצע דייטשע פאָלק?... דאָראָטי טאָמפּסאָן האָט נישט געוואָלט אַדורכלאָזן אַזאַ גאָלדענע געלעגנהייט, ווו זי וועט קאָנען אויף אַ וועלט־טריבונע פאַרטיידיקן די דייטשן.

דאָס עפנטלעכע פאָלקס־געריכט האָט דאָרט געפירט די אויס־פאָרשונג אָפן פאַר דער גאַנצער וועלט — דורך דעם ראַדיאָ. די ריכ־טער האָבן אויסגעהערט ביידע צדדים: דעם באַשולדיקער — אַן ענגלישן מאַיאָר, וועלכער האָט אַ צייט לאַנג זיך געוואַלגערט אין אַ דייטשן קאָנצענטראַציע־לאַגער, און די אַדוואָקאַטין דאָראָטי טאָמפּסאָן, וועלכע האָט זיך געלעבט אין פרייען אַמעריקע.

דער מאַיאָר האָט געשילדערט די גרויזאַמקייט פון די דייטשן — אַלע דייטשן. ווי אַזוי זיי האָבן קאַלטבלוטיק געמאָרדעט מענטשן. אָבער דאָראָטי טאָמפּסאָן, וועלכע איז בעת די שרעקלעכע יאָרן געשלאָפן אַ רויקע אין איר בעט, האָט אָפּגעלייקנט אַלץ וואָס דער מאַיאָר האָט דערציילט. פאַרקערט, זי האָט גאָר געשריגן אויף הויכע טענער: „ניין! מען טאָר נישט באַשולדיקן אַלע דייטשן; מען וועט באַגיין אַ פאַרברעכן אויב מ׳וועט אַלע דייטשן באַשולדיקן!“.

זי, דאָראָטי טאָמפּסאָן, די אַדוואָקאַטין פון די דייטשן, וועט נישט דערלאָזן צו קיין פאַרברעכן. זי האָט טאַקע גלייך געפּסלט דעם מאַיאָר: בכן, ער איז, ערשטנס, אַן עסטרייכער, צווייטנס, איז ער אַ קאַטאָליק... און דער פויפּסט האָט געהייסן „מ׳זאָל זיין גנעדיק צום באַזיגטן“.

היינט איז דאָראָטי טאָמפּסאָן געוואָרן די אַדוואָקאַטין פון די אָרעמע אַראַבער, נעבעך“...

## קאַפּיטל צוועלף

אין דאָזיקן קאַפּיטל גיב איך אַריין אַ קליינע צאָל פון מיינע בריוו צו שרייבער:

ליבע אסתר הירשביין! אייך קומט אַ האַרציקן דאַנק פאַרן לאָזן וויסן מיך באַצייטנס, אַז עס איז אַהער געקומען די דיכטערין קאַדיע מאָלאָדאָווסקאַ, און אַז שבת ביינאַכט וועט זי זיין דער גאַסט אין יידישן קולטור־קלוב. און איצט, נאָכדעם ווי איך בין פון דאָרט שוין צוריק אַהיימגעקומען, וויל איך מיר אַראָפּרעדן פון האַרצן וועגן אַלץ וואָס איך האָב אויף יענעם אָוונט געהערט און געזען.

ערשטנס, פאַרוואָס האָט מען דאָרט באַשטימט אַלס פאָרזיצער אַ מאַן, וואָס האָט נישט אָנגעהויבן צו וויסן וואָס צו זאָגן וועגן דער דיכטערין, אַ גוט אָדער שלעכט וואָרט?... מיר דוכט זיך, אַז ווען דער גאַסט איז אַ דיכטערין, זענען אין לאָס־אַנזשעלעס גאָט־צו־דאַנקען פאַראַן גענוג קאָלעגן אירע, אויך דיכטערינס. וואָלט עס נישט געווען פּאַסיקער, אז איינע פון די דאָזיקע דיכטערינס זאָל זיין די פאָרזיצערין? און פאַרוואָס האָט מען נישט געגעבן אַ וואָרט כאָטש איינער פון די פרויען־דיכטערינס אויף צו באַגריסן דעם גאַסט?

אמת, דער דיכטער ה. רויזנבלאַט האָט געגעבן אַ פיינע אָפּשאַצונג וועגן קאַדיע מאָלאָדאָווסקאַ, אָבער צי האָט מען געמעגט פאַרשווייגן די דיכטערינס, וועלכע זענען געזעסן ווי „שטומע" און מ׳האָט זיי נישט געלאָזט דאָס מויל עפענען?

און איצט וועגן קאַדיען: עס האָט דאָך זי געמעגט עמעץ צוגרייטן און זאָגן איר עפּעס וועגן דער פרויען־וועלט, וואָס איז געקומען פאַר איר כבוד וועגן, אַז זי דאַרף רעדן צו זיי אויף אַ טעמע וואָס זיי

קאָנען פאַרשטיין... נישט אַלע פרויען פון אירע צוהערער פאַרמאָגן דאָך קאַדיעס גמרא־קאָפּ...

לויט מיין מיינונג האָט קאַדיע געמעגט לייענען פאַר זיי אַ פּאָר פון אירע לידער. וואָלט זי דאָס געטאָן, וואָלט זי ביי אירע צוהערער אַרויסגערופן אַ בעסערע שטימונג.

צום גליק האָט קאַדיע פאַרגיטיקט דעם עולם מיט איר אייגענער פּערזענלעכקייט.

ליבע אסתר! האָט איר שוין געלייענט אין טאָג צ. ב. גאָלדבערגס „קאָלום", ווו ער האָט באַשריבן וואָס ער האָט געהערט און געזען אין דער גרויסער שטאָט לאָס־אַנזשעלעס? נאָך אַזאַ „גרוס" וועלן שוין אַנדערע יידן מורא האָבן זיך צו באַווייזן אין אונדזער שטאָט, ווו עס לעבן אַ פּאָר הונדערט טויזנט יידן. עפּעס אַ קלייניקייט! „דער אַנטיסעמיטיזם בושעוועט דאָ אַזוי שטאַרק, אַז עס איז אַ געפאַר זיך צו באַווייזן אין גאַס!"... און נישט נאָר איז עס אַזוי אין גאַס, נאָר אויך אין די האָטעלן איז זיך נישט אויסצובאַהאַלטן פון דער געפאַר...

אָבער דאָס איז נאָך נישט אַלץ: ער דערציילט זיינע לייענער, אַז „די גאַנצע שטאָט ל. אַ. האַלט זיך אויף, אָדער שפּארט זיך אָן אויף די „גאַזאָלין־סטיישנס" און „באָנגעלאָס". ווען נישט די דאָזיקע צוויי „זיילן", וואָלט מען די גאַנצע שטאָט געקאָנט אומוואַרפן מיט אַ ריר פון איין פינגער...

אָט דאָס הייסט אַ ווייטער קוק! געקומען, געזען און אָנגעשריבן אַ מעשה־נורא אויף איבערצושרעקן קליינע קינדער. אין דער גרוי־סער לאָס־אַנזשעלעס, פון קנאַפּע צוויי מיליאָן מענטשן האָט ער דער־זען נישט מער ווי גאַזאָלין־סטיישנס, באָנגעלאָס און ... אַנטיסע־מיטיזם!

זיין צווייטער קאָלום איז נאָך מער טשעקאַווע: ער באַשרייבט ווי אַזוי מען האָט אים אויפגענומען אַלס גאַסט ביי הירשביינען אין שטוב. און גאָר אָן א שמייכל דערציילט ער, אז „די געסט, וואָס זענען דאָרט געקומען פון זיין כבוד וועגן, האָבן אים געמאַכט „קאָמפּלי־

מענטן"... עס איז אים גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז די דאָזיקע קאָלעגן־שרייבער, וועלכע האָבן געזאָגט אַ פּאָר חברישע ווערטער, האָבן דאָס געמיינט אויף אַן אמת און נישט אינזינען געהאַט סתּם צו מאַכן קאָמפּלימענטן, אָבער זאָל זיין „קאָמפּלימענטן", אַבי גאָלדבערג האָט עס נישט פאַרשוויגן, און נישט נאָר ער האָט דערמאָנט, אַז מען האָט אים באַגריסט, נאָר אַפילו אָנגערופן די נעמען פון די באַגריסער. איז דאָס טאַקע זייער שיין פון אים.

אָבער, מערקט אייך, אסתּר, די אַלע באַגריסער, וועמענס נעמען ער דערמאָנט, אָט די אַלע זענען לחלוטין נישט געקומען... עס זענען נישט געקומען, נישט מיללער, נישט ה. רויזנבלאַט, נישט ל. שאַפּיראָ און נישט כאַוועך פאַוועך... און די שרייבער וועלכע זענען יאָ געקומען און אים באַגריסט (נישט קאָמפּלימענטירט) — אָט די דאָזיקע האָט ער אַפילו נישט דערמאָנט...

ליבע אסתּר! איך מוז אייך זאָגן, אַז איך בין געווען שטאַרק צופרידן פון מיין לעצטער רייזע קיין לאָס־אַנזשעלעס, און דאָס דערפאַר, ווייל איך האָב געקאָנט זיך באַטייליקן ביי דער פייערונג לכבוד דוד פּינסקיס 75־יאָריקן יובילײ. וואָלט איך דאָרט נישט געווען, וואָלט איך זיך עס קיינמאָל נישט פאַרגעבן.

אסתּר, דאָס ליד וואָס איר האָט דאָרט פאָרגעלייענט, איז געווען א שיינע מתּנה צו דעם בעל־היובל. דעסגלייכן — דאָס ליד, וואָס רויזנבלאַט האָט געלייענט, אָבער די גרויסע צאָל נישט פאַרנומענע בענקלעך אין טעאַטער האָבן פון חרפּה שטילגעשוויגן... ביי אַזאַ געלעגנהייט האָט דאָך דאָס טעאַטער געדאַרפט זיין באַזעצט פון לייענער, ספּעציעל פון די „דאָזיקע", וועלכע שרייען אויף די הויכע טענער, אַז לשם קולטור דאַרף מען זיך מיט „זיי פאַראייניקן"...

וואָלט אָבער פּינסקי געווען „זייער שרייבער", וואָלטן זיי צוויי אַזעלכע טעאַטערס אָנגעפילט...

איצט מעג איך זאָגן, אַז דער דורכגעפירטער פּראָגראַם איז אויך נישט געווען צוגעפּאַסט פאַר דער היינטיקער צייט. דער „אוצר" איז טאַקע זייער אַ פיינע דראַמע, אָבער זי איז פאַרעלטערט. די היינטיקע

יידישע ווייבער שעלטן מער נישט מיט אַזעלכע שאַרפע קללות. און די גייציקייט נאָך געלט איז שוין אויך נישט אַזוי שפּיציק ווי אַמאָל...

אָבער די אַקטיאָרן פאַר זייער שפּילן קומט אַ דאַנק.

זייער רירנדיק איז געווען די האַרציקע באַגריסונג פון איין קאָלעגע צום צווייטן — פון פרץ הירשביין צו דוד פּינסקי.

איך בעט אייך אסתר, גריסט אין מיין נאָמען דוד פּינסקין. זאָל ער מיט אונדז זיין נאָך לאַנגע יאָרן!

*

ליבע אסתר, אייער בריוול וועגן קומענדיקן פרייטיק ביינאַכט — האָב איך דערהאַלטן און כאָטש איך מיין אויך אַז דאָס איז אַ וויכטיקער ענין, דאָך וועל איך נישט קאָנען קומען צו אייך. אָבער דערלויבט מיר אַרויסצוזאָגן מיין מיינונג וועגן דער שרייבער־אסיפה ביי אייך אין שטוב.

דער ענין וועגן גרינדן אַ „שרייבער־פאַריין" איז אַ וויכטיקער. ס׳איז שוין צייט, אַז די שרייבער דאָ אין שטאָט זאָלן אויך „צולייגן אַ האַנט" צום יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן. בלויז אויף דעם אופן וואָלטן די שרייבער געהאַט אַ רעכט צו זאָגן זייער וואָרט, ווען ס׳איז בויטיק עס זאָל געזאָגט ווערן אין דער פראַגע „יידיש און ענגליש אויף יידישע פאַרזאַמלונגען".

אָט פּירט איצט די הסתדרות אַ געלט־קאַמפּיין. שיקן זיי אַרויס בריוולעך צו דעם יידישן עולם בלויז אין ענגליש. ווייל דער אָרגאַ־ניזאַטאָר, ד״ר ראַבעלסקי, האָט פיינט די יידישע שפּראַך. טאָ ווער וואָלט אויף דער עוולה געדאַרפט רעאַגירן, אויב נישט די יידישע שרייבער דאָ אין שטאָט?

און אָט איז נאָך אַ וויכטיקע געשעעניש אין לאָס־אַנזשעלעס. און דאָס וואָלט אוודאי געדאַרפט פאַריכט ווערן.

לעצטנס האָב איך (אין דער „קאַליפאָרניער אידישע שטימע") אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל וועגן „יידישע קינדער וואָס דערציען זיך אין קריסטלעכע היימען".

פאַרוואָס האָבן די יידישע שרייבער, וועלכע לעבן אין דער שטאָט, פאַרשוויגן דעם דאָזיקן פאַקט און נישט געמאָנט קיין רעכנונג ביי די היגע מנהיגים? פאַרוואָס האָט זיך דער יידישער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד נישט פאַראינטערעסירט מיט דעם ענין?

און אָט איז נאָך אַ פאַקט, וואָס קאָן אויסזען אומגלויבלעך.

אין דער „קאַליפאָרניער אידישע שטימע" האָב איך געלייענט אַ מודעה, אַז די אָרגאַניזאַציע מיטן נאָמען „אויפבוי" גרייט זיך צו אַ „פייערלעכן אָוונט, ווו מען וועט אויך זאָגן אַ פּאָר ווערטער אויף יידיש!"... וואָלט אַ פּוילישע געזעלשאַפט אויך געמאָלדן, אַז מען וועט אויף זייערע אַ פייערונג דערלויבן צו זאָגן „אַ פּאָר ווערטער אין פּויליש?"...

און ווען איך האָב אויף דעם רעאַגירט און ארויסגעזאָגט מיין פאַרדרוס, איז געקומען דער „גאַבאַי" (פּרעזידענט) פון דעם „אויפבוי", מיט אַ בריוול אין דער רעדאַקציע און מיך אָנגערופן „חוצפּה־ניק". די היגע יידישע שרייבער האָבן קיין וואָרט נישט געזאָגט. ערשט די „פרייע אַרבעטער שטימע" אין ניו־יאָרק האָט וועגן דעם געשריבן אַ לענגערן אַרטיקל און באַוויזן ווער עס איז דער חוצפּהניק.

וואָלט אָבער דאָ אין שטאָט עקזיסטירט אַ פאַראייניקטע שרייבער־גרופּע, וואָלט זי אויף אַזעלכע געשעענישן, ווי איך דערמאָן דאָ, זיך אָפּגערופן און גענומען שטעלונג.

דער יידישער שרייבער דאַרף נישט דערוואַרטן, אַז דער יידישער לייענער מוז אים נאָר זיין צו נוצן, אַז ער אַליין איז פריי, אָן שום פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר פאָלקס־ענינים, אַ חוץ זיצן ביי זיך אין שטוב און שרייבן. די היינטיקע צייט פאָדערט עפּעס מער. דאָס האָבן זיך שוין אויך דערוווּסט די באַרימטע שרייבער פון ניו־יאָרק, אַזעלכע ווי: אָפּאַטאָשו, מנחם באָריישאָ, וואָס האָבן זיך אויך אַרויסגעזאָגט וועגן דאָזיקן ענין.

דערפאַר האָף איך, אסתר, אַז די אסיפה ביי אייך אין שטוב

וועט ברענגען גוטע רעזולטאַטן סיי פאַר דער יידישער שפּראַך און יידישער קולטור, סיי פאַר דעם היגן יידישן לעבן בכלל.

מיט האַרציקע גרוסן צו אייך און פּרצן —

משה ווייסמאַן



גרופּע פון רעכטס: אסתר הירשביין, רחל קאָרן, משה, הינדע חייסמאַן און פּר׳ גאָלדבערג

אַ קאָפּיע פון אַ בריוול, וואָס איך האָב געשיקט צו אַ יידישער צייטונג און מען האָט עס נישט געדרוקט:

— „דינסטיק דעם 10־טן יולי האָט דער באַרימטער שרייבער חיים גרינבערג געשריבן זיין אַרטיקל אונטער דעם קעפּל „סאָציאַליזם און געשמאַק" און קיינער פון די רעדאַקציע־מיטגלידער האָט אים נישט אָפּגעענטפערט. פאַרוואָס?

איך קאָן נישט דיסקוטירן מיט דעם געלערנטן שרייבער, ווען

עס קומט צו טעאָרעטישע פּלפּולים. אָבער ווען דער בכבודיקער חיים גרינבערג קומט צום אויספיר אין זיין אַרטיקל אַז: „פּערזענלעך האַלט איך נישט, אַז דאָס דייטשע פאָלק דאַרף דורך אונדז באַטראַכט ווערן אַלס „עמלק", ווען עס איז אַ מצווה צו האַסן, צו באַקעמפן „עד חרמה", ביז עס וועט אינגאַנצן אָפּגעווישט ווערן פון דער ערד" — קאָן איך נישט איינשטימען. מיר איז נישט צום האַרצן זיין פילאָזאָפיע אַז „דייטשן לעבן מיט אונדז אויף איין פּלאַנעט, מיר קאָנען זיי אויפן מאַרס נישט דעפּאָרטירן — פריער־שפּעטער, וועלן מיר מוזן „אָפּמעקן דעם חוב".

איך קאָן נישט פאַרשטיין פאַרוואָס עס איז אים אַזוי גרינג דעם „חוב" אָפּצומעקן. אָבער מיך און טויזנטער אַנדערע קאָן ער צו זיין צעטל נישט צורעכענען, ווייל מיין אויסגעהרגעטע משפּחה וועט מיר נישט פאַרגעבן (אַפילו טויטערהייט), ווען איך זאָל דריקן די פאַר־בלוטיקטע דייטשע הענט..

# צום צענטן יאָרצייט נאָך פּרץ הירשביין

(געווען געדרוקט אין „היימיש" אין יאָר 1958)

דעם 16־טן אויגוסט 1958 וועט ווערן צען יאָר זינט ס'איז געשטאָרבן דער באַרימטער שרייבער־דראַמאַטורג פּרץ הירשביין.

צען יאָר איז נאָך נישט אַזאַ לאַנגע צייט, אַז מ'זאָל קאָנען פאַרגעסן וואָס הירשביין האָט געשאַפן פאר דער יידישער ליטעראַטור, ווען ער האָט געלעבט.

איך וויל נישט רעדן אין נאָמען פון כלל. נאָר אין מיין נאָמען מוז איך זאָגן אַז פּרץ הירשביין פעלט מיר שטאַרק אויס, ווייל אין מיין גייסטיק אויסלעבן זיך האָט ער פאַרנומען דעם בכבודיקן אָרט אין מיין געדאַנק, ווייל ער איז אין מיין שטוב אַן אָפטער גאַסט געווען. ווען ער מיט זיין פרוי, אסתר, און זייער קליינער זון עמוס פלעגן קומען, איז געווען ביי אונדז א יומטובדיקער טאָג.

ווען איך פלעג זיך דורכגיין מיט אים אינדרויסן, אַרום אונדזער שטוב, האָבן מיינע קריסטלעכע שכנים אים נאָכגעקוקט און באַוווּנדערט. דערנאָך אַפילו אַריינגעקומען צו מיר אין שטוב רעדן וועגן אים, זאָגן, אַז „זיי האָבן אַזאַ ייד, אַזאַ עלעגאַנטן מענטש, מיט אזא שטאָלצן גאנג נאָך נישט געזען".

און שפּעטער, ווען איך פלעג קומען קיין לאָס־אַנזשעלעס (פערציק מייל פון אָנטאַריאָ), און ער איז שוין מער נישט געווען צווישן די לעבעדיקע... האָט מיין בליק אַרומגעזוכט די אימפּאָזאַנטע געשטאַלט פון פּרץ הירשביין ביי יעדער יידישער פאַרזאַמלונג, כאָטש איך האָב דאָך געוווּסט, אַז ער קאָן דאָ נישט זיין...

אָבער, ווען איך בין אַריינגעקומען אין דער שטוב, ווו הירשביין האָט געלעבט און געאַרבעט, דאָרטן אויפן הויכן בערגל, ווו ער האָט אַ סך ווערק זיינע אָנגעשריבן, האָב איך אים דערזען ווי אַ לעבעדיקן אין פאַרשידענע וואַריאַציעס: אין פאָטאָגראַפיע, אין געמעל,

און אין סקולפּטור. אַלץ איז נאָך אויפן זעלבן אָרט, גלייך ער איז איצט אויך נאָך באַלעבאָס איבער דער שטוב. אסתר האָט געזען, אַז קיין זאַך זאָל פון אָרט נישט גערירט ווערן.

אָבער חוץ דעם אַלעם האָט ער דאָך פאַרן יידישן פאָלק אי־בערגעלאָזן אַ גרויס פאַרמעגן, זיינע דראַמעס, רייזע־באַשרייבונגען, זיין בוך „מיינע קינדער־יאָרן" און נאָך אַנדערע ווערק, וואָס וועלן געלייענט ווערן פון קומענדיקע דורות ביים יידישן פאָלק.

פּרץ הירשביין האָט אַמאָל געשריבן פּאָעזיע אויך. וועל איך דאָ ציטירן עטלעכע סטראָפן, וועלכע ער האָט אַמאָל געשריבן און הײנט פּאַסן זיי זיך צו צו זיין אייגענעם „פאַרגיין" —

„עס לעשן זיך שטערן אין הימל, עס לעשן זיך לעבנס אויף דער ערד,
פאַר ווערמען ס'איז ליכטיק זיין גורל, און ווערמען ס'איז טרויער באַשערט.
עס טרעפן זיך טייכן מיט טייכן, און גיסן אין ים זיך אַריין,
און מענטשן און לעבנס פאַרגייען... אַליין אין דעם אייגענעם פּיין"...



משה ווייסמאַן און פּרץ הירשביין, קאַליפאָרניע, 1946

איך האָב אַ שוואַכקייט נישט אַוועקצווואַרפן קיין בריוו, בפרט משפחה־בריוו. איך ברענג דאָ איינעם פון מיינע געזאַמלטע בריוו, דערהאַלטענע פון ישראל. דער בריוו איז כאַראַקטעריסטיש צוליב די פסח־דערינערונגען פון מיינעם אַ שוועסטערקינד.

„1947, ארץ־ישראל. משה שלום! פאַרגיב מיר פאַר נישט ענט־פערן דיר אין צייט. נו, און מירביידע דיסקוטירן נאָך אַלץ וועגן דער פראַגע „העברעיש און יידיש". דערמאָן זיך, משה, אַז דיין מאַ־מע האָט אירע תפילות נישט געזאָגט אויף יידיש. דער מקור איז עברית און נישט יידיש. אָבער דאָ מוז איך דיך אַרויסנעמען פון דיין טעות: עס זענען ביי אונדז דאָ צייטונגען, ראַדיאָ, פאָלקס־לידער אין יידיש. אָבער דאָס דינט נאָר אַלס אַן איבערגאַנג פאַר די עולים מיט זייערע געראָטענע קינדער. כמעט אין איין יאָר רעדן זיי עברית. אָט דעם גרויסן וווּנדער קאָן מען נישט אויפקלערן. דאָס מוז מען אַליין איבערלעבן. ביסלעכווייז און אַזוי נאַטירלעך גייען זיי איבער פון גאַנצן בבל־שפּראַך־טורעם צו עברית, און עס קלינגט אַזוי שיין. און די שפּראַך איז אַזוי רייך.

ליבער משה, ישראל איז ישראל אדאנק דעם דור יינגלעך, קינדער, וועלכע האָבן זייער לעבן אָפּגעגעבן פאַרן לאנד.

און איצט וויל איך איבערגיין אַ ביסל צו משפחהדיקס:

דעם פסח, איך ווייס נישט פאַרוואָס, אָבער אַ סך דערינערונ־גען זענען מיר געקומען אויפן געדאַנק: די היים, פון וועלכער ס'איז מער קיין זכר נישטאָ... איך דערמאָן זיך אין מיין טאַטנס טויט, וועגן דער מומע שרה (זי מיינט מיין מוטער — מ. וו.), וואָס איז געווען אַ טאָג־טעגלעכע אריינגייערין אין אונדזער שטוב. מיר זע־

נען געווען קליינע קינדער, און גאַנץ פרי פלעגט זי קומען און אַלץ איינאָרדענען אין שטוב, אַז די שטוב זאָל ווידער זיין שטוב. זי פלעגט באַקן ברויט און חלה, מעלקן די בהמה, ווייזן וויאַזוי די מילך צו פאַרווענדן. און נאָכדעם ווי זי פלעגט אַלץ באַזאָרגן, פלעגט זי רויק און שמייכלענדיק זאָגן „אַ גוטן טאָג". און נאָך ווייט דורכן פענצ־טער פלעג איך זען איר הויכע געשטאַלט, ווי זי מאַכט איר וועג אַהיים דורך די בערג. מיר האָבן דאַן געוווינט אין „חליס", אָבער מיר פלעגן פון צייט צו צייט גיין באַזוכן די מומע.

גאָר באַזונדער איז געווען דער וויזיט די צווייטע טעג פסח. די מומע פלעגט אונדז אויפנעמען זייער וואַרעם, און דער פעטער (מיין טאַטע — מ. וו.) פלעגט זיך ווייצלען און דערציילן פון זיך. די מומע האָט געבראַכט כיבוד און גוטע זאַכן. אין די לעצטע טעג (יאָרן) זע־נען קיין סך גוטע זאַכן נישט געווען. אָבער דאָס בעסטע וואָס זי האָט געהאַט אין שטוב, האָט זי דערלאַנגט צום טיש. און דאַן איז דער סדר געווען אַריינצוגיין אין סעדל, אונטער דער שטוב. דאָ איז געווען דער מומעס מלוכה.

דו, משה האָסט מיך געבראַכט צו די דערינערונגען: איינע פון דיינע דערציילונגען, וועלכע דו האָסט אָנגעשריבן און געשיקט צו יהודיתן, האָב איך אויך געלייענט. דו שילדערסט דאָרט „אַ שטורעם אין דיין גאָרטן". אגב, איז עס דאָך אָנגעשריבן אַזוי שיין, אַז איך וועל עס לייענען נאָכאַמאָל.

דער מומעס גערטנדל (סעדל) שטייט מיר אַצינד פאַר די אויגן: פונקט ווי אין איר שטוב האָט אַלץ געבלאַנקט פון ריינקייט, אַזוי אין סעדל. די שטאַמען פון די פרוכטביימער אָפּגעקאַלכט, די זאַגאָנעס אין גאָרטן אַלע אויסגעגלייכט און אַזוי פלייסיק געפלעגט. אַלע פאַר־זייונגען שיין אויפגעגאַנגען. יעדעס איבעריקע גרעזעלע איז געווען באַזייטיקט. די מומע איז געווען גליקלעך. איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז אַלץ אין גערטנדל האָט אויפגעגרינט צוליבן גוטן גע־פיל פון זיין נעבן דער מומע שרה, כדי איינעטעמען אין זיך איר

ערלעכקייט און גוטסקייט, אָט אַזאַ געפיל האָבן מיר, קינדער, געהאַט אין איר מחיצה. דו זעסט, משה, וואָס דיין דערציילונג האָט ביי מיר אַרויסגערופן ?

נו, זאָל שוין זיין גענוג.

פון מיר דיין קוזינע חייטשע אולציק.

מיט גרוסן פון אַלע —

אַ בריוול פון מיין פריינד ש. מילער, דער פאַרשטאָרבענער נאָווע־ליסט פון לאָס־אַנזשעלעס

56.1.13

**חשובער פריינד מ. ווייסמאַן!**

האָט איר פאַרווירקלעכט אייער חלום, אַרויסגעגעבן אייער לעצט (?) בוך (ער מיינט מיין בוך „פון נעכטן און היינט”), איך האָב אויך אָוועקגעשטעלט דעם פרעג־צייכן, ווייל, ווי האָט געזונגען הירש גליק:

„זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג” — מ. וו.)

לייענענדיק דאָס בוך, האָב איך אַ טראַכט געטון, אַז איר האָט זיך אַ ביסל צוגעאיילט מיטן ערשטן בוך. דער ערשטער טייל פונעם איצטיקן בוך — פון די קינדער־יאָרן — וואָלט זיך זייער גוט אַריינ־געפּאַסט אינעם ערשטן, ווי אַ טייל פון די ביאָגראַפישע פאַרצייכע־נונגען. איז ווער ווייסט, אפשר וועט איר נאָך צוגעבן אַמאָל נאָך זאַכן און געבן אַ פולע אויטאָביאָגראַפיע.

אָבער פאַרן מאָרגן זאָל זיך גאָט זאָרגן, דערווייל נאָט אייך אַ מזל־טוב און, יהי רצון, אַז איר זאָלט נחת האָבן דערפון.

אַרויסגעקומען איז דאָס בוך נישט שלעכט, מער נישט, אַ ביסל גרייזן, ווי דער שטייגער. איז, מילא, זעצערישע גרייזן, דאָס איז שוין אַן אַלטע קרענק. איינער אַ שרייבער האָט אַמאָל געזאָגט: אַ שריי־בער ליידט נישט אַזוי שטאַרק פון אַ לונגען־פעלער ווי פון אַ דרוק־פעלער. עס זענען אָבער אויך דאָ אַ פּאָר שרייבערישע גרייזן. זייט 112 שרייבט איר: אם יום תעזבה יומים תעזבך. דאַרפן דאַרף זיין: אם תעזבני יום יומים אעזבך.

אויף זייט 133: אל תרה יין יתאדם כי יתן...

דער פסוק לייענט זיך: אל תרא יין כי יתאדם...

און די איבערזעצונג אייערע איז אפשר נישט שלעכט, יהואַש'ס איבערזעצונג איז אָבער בעסער (פאַרגלייכט אומישנע וועט איר זען) און מ'מעג זיך באַנוצן מיט זיין איבערזעצונג. דער עיקר איז אָבער — נישט ציטירן פון קאָפּ, נאָר נעמען דעם ספר און אַריינקוקן, ווייל — חכמים, הזהרו בדבריכם.

נו, אין דער צווייטער אויפלאַגע וועט איר עס פאַריכטן.

דערווייל זייט מיר געזונט און שטאַרק, איר און הינדע, און אַז איר'ט זיין אין שטאָט כאַפּט זיך אַריין צו

ש. מיללער

אַ גרוס פון אַליאַן.

## דער ייד וואָס האָט געחלומט און נישט דערלעבט די ווירקלעכקייט

באַקענט האָב איך זיך מיט אים אין יאָר 1940.

ער איז געווען אַ נידעריק מענטשל, געהאַט אַ שמאָל פּנים, טונקל־ברוינע אויגן , אַ געפּאַלבטן שטערן, און זיינע האָר אויפן קאָפּ האָט ער זיך געהייסן שערן נידעריק, פלאַך ווי אַ בערשטעלע. ער האָט אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ מענטש וואָס איז אין „קריג מיט דער וועלט״, ווייל מ׳וויל נישט פאַרשטיין אים מיט זיינע געדאַנקען.

ער איז טאַקע געווען שטאַרק איינגעגלויבט אין זיך און אין זיינע „פּלענער״. ער האָט געזאָגט, ווען זיינע פּלענער וואָלטן אָנערקענט געוואָרן, וואָלטן זיי געטאָן דעם יידישן פאָלק אַ סך גוטס. אָבער די צרה איז געווען, וואָס די פירערשאַפט אינעם יידישן לעבן האָט זיך נישט צוגעהערט צו אים, זיך פאַרשטאָפּט די אויערן... איז ער דער־פאַר אַרומגעגאַנגען אַ פאַרביטערטער.

זיין באַליבטע טעמע, ווען ער האָט מיט מיר גערעדט, איז גע־ווען וועגן יידישער קאָלאָניזאַציע. דאָס יידישע לאַנד איז דאַן נאָך געלעגן אין נישט־יידישע הענט. האָט ער געטענהט, אַז עס וואָלט געווען אַ גוטע זאַך, ווען די יידן וואָלטן, נאָך דאָ אין גלות, גענומען זיך צו ערד־אַרבעט. און ער דערציילט מיר, אַז ער פאַרמאָגט אַ העפט, וועלכן ער האָט אַליין אָנגעשריבן : דאָס איז אַן אויספירלעכער פּלאַן פאַר יידישער קאָלאָניזאַציע. און ער האָט שוין אפילו דעם העפט געוויזן מענטשן, וועלכע זענען פאַראינטערעסירט אין די ענינים. אָבער ס׳איז דערפון גאָרנישט אַרויסגעקומען. האָט ער דעם העפט ביי מיר איבערגעלאָזט, אַז איך זאָל אים אויכעט לייע־

נען. היות דער ענין איז מיר נישט גענוג קלאָר געווען, האָב איך געשוויגן. ער איז אַוועק פון מיר אַן אומצופרידענער אָבער נישט קיין ברוגזער.

מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָט ער צו מיר געשריבן אַ בריוו, אויף וועלכן איך האָב נישט באַלד געענטפערט. אָבער ווען איך בין געווען גרייט צו ענטפערן, איז ער אין לאָס־אַנזשעלעס מער נישט געווען. שפּעטער האָב איך געהערט, אַז ער לעבט נישט מער. איך נעם אַריין זיין בריוו אין דאָזיקן בוך, כדי זיין נאָמען זאָל נישט פאַרגעסן ווערן.

דעם 22־טן יאַנואַר 1940

טייערער פריינד ווייסמאַן!

איך דאַנק אייך פאַרן איבערלייענען מיין העפט, אין וועלכן איך באַהאַנדל מיינע פּלענער פאַר יידישער קאָלאָניזאַציע. כאָטש איר האָט מיר נישט געזאָגט אייער מיינונג. איך האָב בלויז געוואָלט, אַז איר זאָלט זיך באַקענען מיט מיינס אַן ארבעט. און געטאָן האָב איך דאָס, כדי געבן אייך אַ באַגריף וועגן מיין געדאַנקען־גאַנג. ווי די גמרא זאָגט: „במקום שאין מכירין אותך מותר לומר תלמיד חכם אני״ — יידן זענען אַן „עם מפוזר ומפורד״, צעשפּרייט איבער אַלע שבעה ימים. אַפילו דאָ ווו מיר זענען אין אַ גרעסערער צאָל, האַלטן מיר זיך צעשיידט, דערווייטערט, פאַראייניזאַמט. אַלע פילן מיר דעם אַל־געמיינעם יידישן חורבן אויף גאָר דער וועלט. אַלע ווייטיקן מיר דעם יידישן ווייטיק, וואָס נעמט אַרום דעם יידישן גוף בכל הארצות.

אַלע ווי איינער פילן מיר מיט שוידער און פּיין די אַלגעמיינע יידישע צרות. צו דעם אַלעמען זענען מיר מפורד, צעשיידט, נישט שטאַרק פאַרבונדן איינער מיטן צווייטן געזעלשאַפטלעך. נישט אַזוי ווי מיר וואָלטן וועלן עס זאָל זיין. בלוטיקן מיר פאַרן אַלגעמיינעם יידישן גורל ביחידות, יעדער איינער פאַר זיך.

וויל איך דאָ אַרויסברענגען אַ פּונקט, כמעט דער זעלבער ווי דער, וואָס איר האָט באַשריבן אין אייערס אַ סקיצע, וואָס איך האָב

לעצטנס געלייענט אין אַ צייטונג, וועגן אַן איינזאַמער יידישער טאָכטער, וועלכע איז געקומען קיין לאָס־אַנזשעלעס, אין אַ שטאָט פון צענדליקער טויזנטער, אַלע אַריבערגעקומענע פּונקט ווי זי, פון די זעלביקע מקומות. דאָך קאָן זי זיך נישט צוזאַמענקומען מיט זיי, פאַרברידערן זיך מיט אייגענע. פאַרוואָס קאָן זי זיך נישט אַריינ־פּאַסן אין אַ סביבה, צו וועלכער זי געהערט דורך בלוט און דער־ציונג? וואָס איז דאָ דער מער? וואָס פעלט דאָ?

איר האָט מסתמא געזען: פאַר דעם העפט, וואָס איך האָב אייך געגעבן צום לייענען, האָב איך אָוועקגעגעבן שיינע עטלעכע יאָר אַרבעט. איך האָב אַרומגערעדט דעם ענין פון שאַפן יידישע קאָלאָ־ניעס, ווירטשאַפטלעכע יידישע ישובים, וווּ יידן זאָלן קאָנען געפינען אַ מקום־מנוחה ביי ערד־אַרבעט, צוזאַמען מיט שטאָטישע אינדוס־טריעלע אונטערנעמונגען. אַגריקולטור מיט אינדוסטרי אויף קאָאָ־פּעראַטיווע יסודות. אַ פּראָבלעם וואָס מאַטערט דאָס יידישע פאָלק פון שטענדיק אָן: יידן פילן אין זייער נשמה, אַז כדי צו לייזן די פּראָבלעמען פון יידישע צרות, וואָלט איינע פון די שטאַרקסטע רפואות געווען צו ברענגען זיי נענטער צו דער ערד, זיי זאָלן זיך קאָנען פון איר דערנערן, און אויך צו אינדוסטרי. דאָס מוז געשאַפן ווערן אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות. אַ געזעלשאַפט פאַר יידישע לאַנד־ווירטשאַפטלעכע ישובים, צוזאַמענגעשטעלט פון יידישע פירער און דענקער, וואָלט געאַרבעט צו געפינען וועגן און מיטלען דאָס צו פאַרווירקלעכן.

איך דערצייל דאָס אייך נישט צוליב אַ דיסקוסיע וועגן דאָזיקן פּראָבלעם, איך בין אויסן צו פאַראינטערעסירן אייך דערין.

*

נו, לאָמיר איבערגיין צו אַ צווייטן ענין, וואָס מאַטערט מיך. און אפשר נאָך אַזעלכע ווי איך: ביי אונדז, יידן, ווערט געטאָן אַ גרויסע קולטור־אַרבעט און אויך אויף אַנדערע געביטן: יידן שאַפן וויכטיקע לאַנדסמאַנשאַפטן, אָרגאַניזירן אָרדנס, בויען שפּיטעלן,

האַלטן אויף שולן, קאָלעדזשס, אינסטיטוציעס און כלערליי קולטור־אַקטיווקייט, ווי עס פּאַסט פאַר אַ פאָלק ווי דאָס יידישע איז.

דאָ, אין לאָס־אַנזשעלעס, ווערט אַזעלכעס געטאָן פּונקט ווי אין אַלע אַנדערע גרויסע שטעט. אַזאַ טעטיקייט איז אַ גענוגנדיקע באַפרידיקונג פאַרן דורכשניטלעכן פאַרהאָרעוועטן יידישן סוחר, וואָס איז געוויינלעך שטאַרק פאַראַרעמט, און איז צופרידן צו האָבן אַ מעגלעכקייט צוצולייגן אַ פינגער צו יידישע ענינים.

אָבער פאַר אַ גרויסן טייל יידן, אינטעליגענטע אַרבעטער און פּראָפעסיאָנאַלן, וועלכע האָבן מער צייט און חשק צו פירן אַ גייסטיק־קולטערעלע אַרבעט, איז שוין די דערמאָנטע טעטיקייט נישט באַפרידיקנדיק. זיי האָבן שוין אַן אינטערעס פאַר די וויסנשאַפטלעכע אויפטוען פונעם אַרומיקן ברויזנדיקן לעבן — אַ לעבן, וואָס איז שטאַרק פאַרבונדן מיט קונסט און וויסנשאַפט. און דאָס איז אין היינטיקע צייטן גויטוועדיק ווי לופט צום אָטעמען.

דאַרף מען דעריבער האָבן אַ גאַנץ אנדערן באַגריף וועגן דעם וואָרט „קולטור” אָדער קולטורעלע אַרבעט. דאַרף מען ליקווידירן די אַלטע באַגריפן און דערגרונטעווען זיך צו נייע.

וואָס אַ שטייגער האָבן מיר דאָ אין די יידישע „קולטור־ווינקלען” ? אַ חוץ היימישע וועטשערינקעס, און מלווה־מלכות, מיט עטלעכע האַמעטנע לעקציעס פון צייט צו צייט. איז עס, אין אַלגעמיין, אַ פרעמדע זאַך. נישט בלויז עס באַפרידיקט נישט, נאָר עס רופט נאָך אַרויס אַווידערגעפיל פון בטלנות, אויב נישט עפּעס ערגערס...

נעמט למשל אַזאַ ייד ווי איך, פילט ער זיך דאָרטן ווי אַ פרעמדער, און קאָן נישט פאַרטראָגן דעם דאָזיקן סאָרט „קולטור”.

און אין לינקן לאַגער איז עס נישט בעסער: דאָרט גייט אָן אַ געוויסע טעטיקייט. פונדערוויטנס שיינט עס צו זיין יידישע קולטור־אַרבעט. קומט מען אָבער נענטער, גרילצט אַרויס צעקאַליעטשעטע יידישקייט, שעדלעכע קולטור־עם־הארצות מיט אַ פּאָליטישן אונטערשלאַק. דער געפילדער דאָרט אויף יידיש מאַכט דעם איינ־

דרוק ווי פערד וואָלטן געשלעפּט אַ פרעמדן וואָגן אויף נישט קיין גראָדן שליאַך...

זעען מיר טאַקע, אַז מיר נייטיקן זיך אין עפּעס אַנדערש, אָבער איך ווייס נישט גענוי ווי דאָס אַרויסצוברענגען. דאָ און דאָרט הער איך פון מענטשן, אַז זיי בענקען נאָך אַ היימישער, אינטעליגענטער סביבה, ווו אַ וואַרעם יידיש האַרץ מיט מאָדערנע יידישע קולטור־באַגריפן זאָל קאָנען האָבן אַן אויסדרוק, אַ פרייע סביבה.

דאָ קום איך טאַקע נאָכאַמאָל צו אייער סקיצע, ווייל איך זע, אַז אויך איר טראַכט וועגן דאָזיקן פּראָבלעם; אויך איר מערקט אָן די אומדערטרעגלעכקייט פון איצטיקן צושטאַנד. איז עס פאַר מיר אַ דערפרייענדיקע דערשיינונג.

איך וואָלט גערן וועלן הערן פון אייך אַ מיינונג וועגן דעם, וואָס איך האָב דאָ אַרויסגעזאָגט.

מיט דרך ארץ, אייער פריינד ה. גאָלדנקראַנץ

*

(דער בריוו איז געשריבן געוואָרן אין יאָר 1940. די ירידה פונעם יידישן קולטור־לעבן אין דער שטאָט האָט זיך שפּעטער געביטן צום בעסערן. און גוטס האָט נישט קיין שיעור.

דער בריוו איז אָבער אַן אויפריכטיקער ווײ־געשריי פון אַ יידישן אינטעליגענט, וואָס האָט געבענקט נאָך אַ יידישער קולטור־סביבה, נאָך גאַנצקייט אינעם יידישן לעבן. אַ שאָד, וואָס ער האָט נישט דערלעבט צו זען די גרויסע ענדערונגען אין יידישן פאָלקס־לעבן, איבערהויפּט אינעם יידישן לאַנד, נאָך וועלכן ער האָט שטאַרק געבענקט. וואָלט ער היינט געלעבט, וואָלט ער געקאָנט זען ווי יידן לעבן פון ערד־אַרבעט, ווי זיי לעבן זייער קולטור־לעבן, ווי יידן בויען זייער לאַנד אויף געזונטע יסודות).

## אַ בריוול צו דניאל טשאַרני

7־טער נאָוועמבער 1952, אָנטאַריאָ, קאַליפאָרניע

ליבער חשובער פריינד דניאל טשאַרני,

איך האָף, אַז איר פילט זיך גוט אין היינטיקן טאָג.

איך האָב היינט פאַרענדיקט לייענען אייער בוך „ווילנע" און ס׳האָט מיך אַ צי געטאָן צו דער שרייבמאַשין, איך זאָל כאָטש אין עטלעכע ווערטער פאַרשרייבן דעם גוטן איינדרוק וואָס עס האָט גע־מאַכט אויף מיר אייער בוך זכרונות.

אָבער טייערער פריינד: ווו זאָל איך נעמען די ריכטיקע ווער־טער, וואָס זאָלן קאָנען זאָגן אייך און אָנווייזן וועלכעס קאַפּיטל אין בוך עס האָט מיך געהאַלטן מער געשפּאַנט? און אָט קומט צו מיר אין געדאַנק אַ פאַרגלייך:

איך פאַרמאָג דאָ אַן אייגענעם גאָרטן, אין וועלכן עס וואַקסן רויזן. שיינע רויזן, שיינע קאָלירן. אַלע חנדלען זיי זיך צו מיר איך זאָל זיי באַוווּנדערן.

צו מיר קומען אָפט טייערע געסט פון לאָס־אַנזשעלעס. אַז איך פיר זיי אַרויס ווייזן מיין גאָרטן מיט די בלומען, פרעגן זיי מיך וועלכע פון די רויזן איז ביי דיר די פּרעכטיקסטע?...

פאַרקוק איך זיך אויף זיי אַלע און איך ענטפער — „אַלע זענען שיין!".

דאָס זעלביקע מוז איך אייך זאָגן וועגן אייער בוך. אַלע קאַפּיט־לעך געפעלן מיר. עס געפעלט מיר אייער שפּראַך: די וואַרעמקייט, דער הומאָר, און דער אופן פון דערציילן. מיר דוכט, אַז מער ווי דאָס דערוואַרט נישט דער לייענער פון זיין שרייבער.

און איצט, מיין פריינד, וויל איך מיט עפּעס אייך דערפרייען: ווען איך האָב געלייענט דאָס קאַפּיטל „זילבערנע אויערינגלעך", און איר זאָגט דאָרטן: „מיינע אַרכיוון זענען אָדער פאַרברענט גע־וואָרן, אָדער כ׳האָב זיי פרייוויליק פאַרברענט"... איז מיר געקומען אויפן געדאַנק, אַז אייערס אַ ליד האָב איך ערגעץ אין מיינע גע־זאַמלטע „ביילאַגעס צום פריינד". מעגלעך, אַז איר פאַרמאָגט עס און מעגלעך אַז נישט. האָב איך גלייך נאָכגעקוקט אין די אַלטע בלעטער און איך האָב דאָס ליד טאַקע געפונען. שיק איך עס איבער

צו אייך און נעמט עס אויף ווי אַ „געפונענע קינד", וואָס איז ביי אייך פאַרלוירן געגאַנגען...

נאָכאַמאָל דאַנק איך אייך פאַרן שיקן מיר אייער בוך „ווילנע", ווייל לייענענדיק האָב איך זיך אַליין פאַרטראָגן אין יענער גוטער צייט, ווען אַלץ איז נאָך געווען נישט אַזוי מיאוס...

מיט האַרציקער פריינדשאַפט

פון מיר, אייער משה ווייסמאַן

## קאַפּיטל דרייצן

אין יאָר 1948 האָב איך ווידער חתונה געהאַט, נאָך צוויי צענדליק יאָר זיין אַליין.

דאָס איז געווען אַנהויב יאָר. אין אַ זונטיק פֿרימאָרגן בין איך געקומען פֿון אָנטאַריאָ קיין לאָס־אַנזשעלעס צו די הירשביינס. זייער איינציקער זון עמוס איז געווען בר־מצווה.

די הירשביינס האָבן צו זייער שמחה איינגעלאַדן אַ גרויסע צאָל פֿריינד. דער עולם האָט זיך משמח געווען דעם גאַנצן טאָג.

דאָרט האָב איך געטראָפֿן ען ווײַנער. זי איז אַ שוועסטער פֿון לאָזער ווײַנער, אסתר הירשביינס שוואָגער. איך האָב זי שוין געהאַט באַגעגנט אין דער שטוב עטלעכע מאָל, און שוין מער ווי דריי יאָר, אַז איך האָב זיך מיט איר באַקענט. צום ערשטן מאָל טאַקע אין דער דאָזיקער שטוב.

ען ווײַנער איז שטאַרק אַנגעזען צווישן דעם עולם געסט; יעדער איינער וויל מיט איר אויסרעדן אַ פּאָר ווערטער. אָבער פּרץ הירש־ביינס שוועסטער, שרה, נעמט מיין האַנט און זאָגט צו מיר: — „משה, ען ווײַנער איז אַ טײַער מיידל... פֿאַרוואָס שטייט איר פֿונדערווײַטנס? איר ביידע וואָלט געווען אַ גליקלעך פּאָר”...

פֿון אירע ווערטער האָב איך זיך אַזש פֿאַרויטלט. איך האָב קוים אַרויסגעשטאַמלט: „וואָס רעדט איר? איר מאַכט נישט קיין שפּאַס? איך בין דאָך אַ סך עלטער פֿון איר!”

שרהלע דריקט מיין האַנט מיט אַ גינציקער וואַרעמקייט און זי זאָגט: „פּרוּווט רעדן מיט איר!”...

שרהלען איז געווען גרינג מיר צו זאָגן „פּרוּווט רעדן”, אָבער צו ען ווײַנער רעדן איז נישט אַזוי פּשוט.

אין דער רגע איז צו מיר צוגעקומען ען ווײַנער. מיט איר וואַרעמען שמייכל באַגריסט זי מיך און זי אײַלט זיך נישט אַרויס־צונעמען איר האַנט פון מײַנער...

שטייען מיר בײדע אַזוי לאַנג, ביז מיר פאַרגייען צו דער טיר און דערנאָך אין דרויסן, מאַכן אַ שפּאַציר אויפן בערגל... מיר האָבן זיך בײדע פאַרעדט און פאַר דעם אַרײַנגיין צוריק אין שטוב האָב איך „געגעבן אָנצוגעהערן"... ען האָט זיך אויף מיר פאַרקוקט מיט אירע פינקלדיקע אויגן און שטילערהייט געפרעגט: „פאַרוואָס האָט עס בײַ אײַך געדאַרפט דויערן אַזש דרײַ יאָר דאָס צו פרעגן בײַ מיר?"

מיר האָבן זיך צוריקגעקערט אין שטוב ווי צוויי נײַע מענטשן. אסתר האָט אונדז אָנגעקוקט מיט איבעראַשונג און גלײַך זיך געכאַפּט, אַז זי דאַרף אונדז באַגריסן.

עס איז שוין געווען נאַכט, ווען מיר האָבן צוזאַמען פאַרלאָזט די הירשביינס. איך האָב ענען צוגעפירט צו איר „באס" צו פאָרן אַהיים. און מיר האָבן זיך אָפּגערעדט צו באַגעגענען די קומענדיקע וואָך אויף „צו מאַכן די נאָענטע פּלענער"...

קומענדיקן זונטיק בין איך ווידער געקומען קיין לאָס־אַנזשעלעס. איך און ען האָבן זיך באַגעגנט און מיר האָבן באַשלאָסן, אַז מיר זאָלן חתונה האָבן אין מערץ. בעתן געזעגענען זיך מיט מײַן צוקונפטיקער פרוי, האָט זי אַרויסגעשטעלט אַ „פאָדערונג", אַז איך זאָל אָנשרײַבן אַ בריוול צו אירע עלטערן אין ניו־יאָרק און מעלדן זיי וועגן אונדזער באַשלוס.

דאָס איז פאַר מיר געווען אַ שווערע אויפגאַבע, אָבער נישט האָבנדיק קיין ברירה, האָב איך געמוזט טאָן וואָס זי האָט פאַרלאַנגט.

דעם 11־טן מערץ איז אין לאָס־אַנזשעלעס פאָרגעקומען די חתונה. גלײַך נאָך דער צערעמאָניע זענען מיר בײדע אַוועקגעפאָרן קיין אָנטאַריאָ צו זיך אַ היים.

מײַן פרוי הינדע (איך רוף זי שוין בײַם יידישן נאָמען) איז צו מיר געקומען נישט מיט ליידיקע הענט: זי האָט מיר אַרײַנגע־ברענגט אַ פּאָר צענדליק בענד מוזיקאַלישע ליטעראַטור, אַ פּיאַנאָ

און אַ שלל מיט פאַרשידענע מוזיקאַלישע אינסטרומענטן (דאָס האָט זי געמוזט האָבן צו איר פאַך — לערנען קינדער פּיאַנאָ שפּילן).

ווען זי האָט געבראַכט די אַלע מוזיקאַלישע „כלים", האָט זי צו מיר געזאָגט: „משה, דאָס וואָס דו זעסט איז מיין נדן, וואָס איך האָב דיר נישט צוגעזאָגט צו געבן!".

מיר האָבן זיך ביידע דערפון שטאַרק צעלאַכט. און אַזוי איז מיין ניי לעבן אויסגעפילט מיט מוזיק, געזאַנג און אַ סך געלעכטער.

סוף מערץ פון יאָר 1950 בין איך מיט מיין פרוי געקומען קיין ניו־יאָרק. צוויי טעג פאַר פּסח בין איך געגאַנגען זיך באַקענען מיטן רעדאַקטאָר פון „טאָג" — די צייטונג וועלכע איך לייען זינט 1914.

אַרויפקומענדיק אין רעדאַקציע, האָב איך געזאָגט, אַז איך וויל רעדן מיטן רעדאַקטאָר. מ'האָט מיך איבערגעשיקט אין אַ צווייטן אָפיס, אַנטקעגנאיבער, און איך בין אַריין. ביי דער שרייב־מאַשין איז געזעסן אַ מיידל און געשריבן עפּעס, וואָס דער רעדאַקטאָר האָט איר דיקטירט. איך האָב אָנגערופן מיין נאָמען. ער האָט פריינטלעך גע־דריקט מיין האַנט און מיך געפרעגט וואָס ס'הערט זיך אין לאָס־אַנזשעלעס. נאָך דעם גוטן גרוס, וואָס איך האָב אים איבערגעגעבן, האָב איך נישט גאַנץ דרייסט צו אים אַ זאָג געטאָן: „מיסטער דאַנציס, איך האָב ביי זיך אַן אַרטיקל לכבוד פּסח — איז אפשר ווילט איר דאָס איבערלייענען".

דאַנציס האָט אַ שמייכל געטאָן, און נישט גערן גענומען דעם אַרטיקל פון מיין האַנט, זאָגנדיק: „איר ווייסט דאָך, אַז מאָרגן איז שוין ערב פּסח. שוין צו שפּעט. אָבער לאָזט עס איבער און קומט אַרויף מאָרגן".

דעם אַנדערן טאָג, טאַקע ערב פּסח, אַרום האַלבן טאָג, בין איך ווידער געקומען צום רעדאַקטאָר אין זיין אָפיס פרעגן, צי ער האָט מיין אַרטיקל איבערגעלייענט. דאַנציס האָט זיך אַ הויב געטאָן פון זיין זיץ־פּלאַץ און מיר אַנטקעגנגעקומען מיט אַ וואַרעמען האַנטדרוק: „ווייסמאַן, אייער אַרטיקל איז אַ ביסל צו לאַנג, אָבער מיר וועלן עס דרוקן מיט אַ פאָרזעצונג. אַ דאַנק פאַר דעם אַרטיקל"...

צומאָרגנס אינדערפרי, דעם ערשטן טאָג פּסח, בין איך געגאַנגען קויפן די צייטונג און דערזען, אַז מיין אַרטיקל „מצות אויף פּסח" איז געדרוקט אויף אַ גאָר אָנגעזעענעם אָרט און צום סוף איז אָנגעגעבן, אַז „מאָרגן וועט זיין געדרוקט די צווייטע העלפט פונעם אַרטיקל".

נאָך די צוויי מאָל, וואָס מיין נאָמען איז געווען געדרוקט אין „טאָג", האָב איך שוין געוואַגט צוצושיקן נאָך אַ פּאָר „דערינערונגען", וועלכע זענען אויך געדרוקט געוואָרן. און אַזוי האָב איך שוין אָנגעהאַלטן אַ וואַרעמע קאָרעספּאָנדענץ מיטן רעדאַקטאָר פון „טאָג" מ. דאַנציס.

איינמאָל האָב איך אָבער צוגעשיקט אַ בעלעטריסטישע אַרבעט און געפרעגט צי קאָן ער דאָס אויך אָפּדרוקן אין „טאָג". אויף דעם האָב איך אין קורצן באַקומען אָט דעם ענטפער:

25־טער אָקטאָבער 1950.

„ליבער פריינד ווייסמאַן

אַ האַרציקן דאַנק אייך פאַר אייער בריוועלע. דערלויבט מיר אייך צו זאָגן, אַז ווען עס קומט צו סקיצן און בעלעטריסטיק בכלל, זענען מיר אַזוי פאַרפלייצט, אַז מיר וויסן נישט וואָס פריער צו דרוקן. אָבער ווען מיר זאָלן קריגן פון קאַליפאָרניע שילדערונגען, וואָס האָבן צו טאָן מיטן יידישן לעבן דאָרט איצט, אָדער אַפילו מיט דער פאַרגאַנגענהייט פון דער יידישער קאַליפאָרניע, וואָלטן מיר עס גערן געדרוקט.

אויב איר געדענקט, האָב איך פון אייך געבעטן אַן אַרטיקל וועגן די יידישע פאַרמערס, וואָס וואָלט געווען זייער אינטערעסאַנט מאַטעריאַל (איך האָב אים טאַקע אַזאַ אַרטיקל צוגעשיקט און ער האָט עס אָפּגעדרוקט), איך וועל אייך דאַנקבאַר זיין, ווען איר וועט דאָס אָנשרייבן.

מיר בעסטע גרוסן צו אייך און אייער פרוי, פאַרבלייב איך, אייער

מ. דאַנציס

רעדאַקטאָר פון „טאָג"

## קאַפּיטל פּערצן

אין יאָר 1950 האָב איך אַ טייל פון מיינע געזאַמלטע אַרטיקלען און דערציילונגען צוגעגרייט פאַר אַ בוך. איך בין אָבער געווען אין אַ גרויסן ספק צי איך טו די ריכטיקע זאַך. איך האָב נישט געוואָלט שטעלן אויף זיך אַליין. מיר איז איינגעפאַלן אָנשרייבן אַ בריוול צו ש. ניגער, און פרעגן אים, צי איז ער מסכים איך זאָל דעם צוגעגרייטן מאַנוסקריפּט צושיקן צו אים און ער זאָל מיר זאָגן צי דער מאַנוסקריפּט איז ראוי צום דרוק.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און איך האָב דערהאַלטן אַן ענטפער:

ש. ניגער. גרינע־פעלדער־קאָלאָניע, דעם 20־טן יולי.

ליבער פריינד משה ווייסמאַן. איך ווייס נישט צי מיר וועט געלונגען איך דערקלערן, פאַרוואָס איך קאָן — צו מיין באַדויערן — נישט נאָכקומען אייער בקשה. עס איז נישט בלויז אַ פראַגע פון צייט. עס איז אַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס איינעם, וועלכער שרייבט וועגן ביכער איז שווער צו נעמען אויף זיך. שטעלט אייך פאָר, אַז איך זאָל האָבן געלייענט אייער מאַנוסקריפּט און געבליבן קאַלט צו אים, איז דערפון נאָך נישט געדרונגען, אַז איר דאַרפט עס נישט דרוקן. איר און אנדערע קאָנען האָבן אַן אַנדערן געשמאַק ווי איך. שרייבן ביכער הייסט נישט פּסקענען שאלות. ווידער, אָבער, ווען איך זאָל אייך ראַטן דרוקן דאָס בוך, וועל איך שוין דערנאָך נישט זיין פריי גענוג צו שרייבן וועגן דעם אָביעקטיוו. איך וועל שוין זיין אַ צד.

הכלל, יעדעס מאָל, ווען מען מאַכט מיר אַזאַ פאָרשלאַג, פיל איך, אַז איך קאָן אים נישט אָננעמען. בעט איך אייך, נעמט מיר נישט פאַר אומגוט. מיט גרוס — ש. ניגער.

ניגערס ענטפער האָט מיך נישט אַנטמוטיקט. איך האָב באַשלאָסן אָנצופרעגן ביי נאָך שרייבער וועגן דעם ענין. איך האָב ווייטער זיך באַמיט צו געפינען אַן „אויג", וואָס וועט וועלן אַריינקוקן אין מיין מאַנוסקריפּט (איך באַמערק דערביי, אַז איך האָב נישט פאַרלאַנגט מען זאָל טאָן די אַרבעט אומזיסט).

איך האָב זיך געווענדט צו אַ זייער בכבודיקן שרייבער אין ניו־יאָרק. ער האָט מיך געלאָזט וואַרטן אַ לאַנגע צייט און לסוף געענטפערט, אַז ער האָט קיין צייט נישט.

מיר איז געבליבן די לעצטע ברירה — זיך ווענדן צום פאַרלאַג „מתנות". אין דאָזיקן פאַרלאַג בין איך נישט אינגאַנצן קיין פרעמדער. איך האָב אין דעם דאָזיקן קינדער־זשורנאַל שוין געהאַט אָפּגעדרוקט אַ מעשהלע „פייגעלעך". אויף דעם סמך האָב איך צום פאַרלאַג „מתנות" אָפּגעשיקט אַ בריוו אין וועלכן איך האָב געשריבן, אַז אויב זיי וועלן מיין מאַנוסקריפּט איבערקוקן און אָפּדרוקן, וועל איך באַצאָלן אַלע קאָסטן.

אינגיכן איז געקומען דער ענטפער „ניין", אָבער אַן אומזיסטע עצה טובה איז מיר יאָ געגעבן געוואָרן: איך זאָל זיך ווענדן צו אַ פּריוואַטן פאַרלאַג. היות די יידישע קולטור־וועלט פאַרמאָגט נאָך איין געזעלשאַפטלעכן פאַרלאַג, צו וועלכן איך האָב שוין אַמאָל עפּעס צוגעשיקט, ווענד איך זיך צו אָט דעם צווייטן פאַרלאַג. אָבער דער האָט מיר אינגאַנצן נישט געענטפערט.

בין איך דאָך אַ ייד אַן עקשן, און איך וויל דווקא אַרויסגעבן אַ בוך, — זוכט מען אַנדערע וועגן. איך האָב זיך דערמאָנט אין אַ לאַנדסמאַן, אַ שרייבער. שיק איך אַ בריוו צו אים און פרעג אים, צי ער ווייסט נישט פון אַזאַ איינעם, וואָס וואָלט זיך אונטערגענומען צו קאָרעגירן מיין מאַנוסקריפּט, און דערביי עפּעס פאַרדינען? ער האָט מיר גלייך געהייסן צושיקן דעם מאַנוסקריפּט. איך האָב אַזוי געטאָן. דערנאָך איז געקומען נאָך אַ בריוו מיט „פּרטים": דער קאָרעקטאָר (שרייבער) הייסט זיך באַצאָלן פאַר קאָרעגירן די דריי

צענדליק בלעטלעך הונדערט מיט פינף און דרייסיק דאָלאַר. אָבער „עס וועט ווערט זיין" — שרייבט מיר מיין לאַנדסמאַן.

איך בין געווען איבערראַשט, אָבער די סומע האָט מיך נישט דערשראָקן. איך האָב צו יענער צייט געאַרבעט און גוט פאַרדינט. האָב איך געטאָן ווי מיין לאַנדסמאַן האָט מיר געעצהט. איך האָב אויף מיין לאַנדסמאַנס נאָמען אַרויסגעשיקט 50 דאָלאַר — די ערשטע ראַטע. איך האָב געשטעלט מיין באַדינג, אַז אַ חוץ קאָרעגירן, זאָל דער קאָרעקטאָר אויכעט איבערשרייבן דעם מאַנוסקריפּט אויף ריין.

איך האָב אויך געפרעגט מיין לאַנדסמאַן, ווער ס׳איז דער קאָרעקטאָר. נאָך אַ צוויי־דריי מאָל פרעגן האָט ער מיר אָנגעגעבן דעם נאָמען רובין. מילא, זאָל זיין רובין.

צוזאַמען מיטן מאַנוסקריפּט האָב איך צו מיין לאַנדסמאַן געשיקט אַ בריוול און געבעטן, אַז ער זאָל מיך נישט לאָזן לאַנג וואַרטן, איך וויל דעם פאַרבעסערטן מאַנוסקריפּט שנעל האָבן צוריק. מיין לאַנדסמאַן האָט מיר געענטפערט, אַז עס וועט דויערן עטלעכע מאָנאַטן. אין דער זעלבער צייט הייסט ער מיר צושיקן דאָס איבעריקע געלט, טאַקע ווידער אויף זיין נאָמען. נו, ווי געטרויט מען נישט אַ לאַנדסמאַן, אַ שרייבער?

אָבער עפּעס האָט זיך עס גענומען פאַרציען. איך האָב ווידער אָנגעפרעגט און באַקומען אַ תשובה, אַז ער, מיין לאַנדסמאַן, איז פּלוצלונג קראַנק געוואָרן, ער איז אין שפּיטאָל. על־כן, זאָל איך האָבן געדולד... כ׳וואָלט אַפילו געקאָנט פרעגן: וואָס האָט זיין קרענק צו טאָן מיט מיין מאַנוסקריפּט אויב רובין איז דער קאָרעקטאָר? אָבער איך האָב נישט געוואָלט באַאומרויקן אַ קראַנקן מיט נאַיווע פראַגן.

ענדלעך איז מיין לאַנדסמאַן אַרויס פון שפּיטאָל און מיר געלאָזט וויסן די גוטע נייעס, אַז „אָט אינגיכן, וועל איך שוין צוריק האָבן ביי זיך מיין מאַנוסקריפּט: נעכטן אָוונט האָט מען ביי אים אין שטוב שווער געאַרבעט איבער אים — ער, זיין ווייב און רובין".

ערשט נאָך פּורים שרייבט מיר מיין לאַנדסמאַן, אַז ער שיקט אַרויס דעם מאַנוסקריפּט, אָבער נישט קיין איבערגעשריבענעם,

ווייל ?... ווייל ס׳איז שוין איצט ערב פּסח און רובין איז אַ פּאַרנומענער מענטש. ער איז אָבער מסכּים אַרונטערצורעכענען פון דער צוגע־זאָגטער סומע פינפאונצוואָנציק דאָלאר... און איך זאָל אַזוי גוט זיין צושיקן דעם עודף, נאָך די הונדערט וואָס איך האָב שוין צוגעשיקט...

ווען איך האָב דערהאַלטן דעם מאַנוסקריפּט און דערזען דאָס „פּאַרריכטעכטס" (קאָרעקטור), איז מיר פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן... איך האָב דעם פּאַראָכטענעם מאַנוסקריפּט געוואָלט גלייך פאַרברענען, האָט מיין פרוי מיך אָפּגעהאַלטן און מיר געראָטן אַז איך זאָל עס האַלטן פאַר אַן אָנדענק.

און איצט קומט די ראָזשינקע פון דער גאַנצער פּאַסקודנער געשיכטע:

צוזאַמען מיטן מאַנוסקריפּט האָט מיין לאַנדסמאַן, דער שרייבער, בייגעלייגט אַ פּערזענלעך בריוועלע מיט דער האַנט אָנגעשריבן, אַ בריוול, וואָס איך האָב געדאַרפט פאַרעפנטלעכן אין מיין בוך. ער האָט דאָס דאָזיקע בריוועלע געשריבן, „נישט חלילה פון זיין טובה וועגן" נאָר פאַר מיין אייגענער טובה... ווייל ער האָט געוואָלט מיר פאַרשפּאָרן די אַרבעט פון זיצן און קלערן, ווי אַזוי מען שרייבט אָן אַזאַ נוסח, אַז עס זאָל זיך פּאַסן פאַרן דאָזיקן לאַנדסמאַן־שרייבער. און אַזויווי ער ווייסט שוין, — ער איז דאָך מיטן שרייבער זייער נאָענט, כּמעט פון זיין ערשטן געבוירנטאָג אָן, — איז אים אָנגעקומען גרינג דעם טעקסט אָנצושרייבן. און אָט וועל איך דאָ אַריינגעבן דאָס בריוועלע, וואָס איך האָב אין מיין ערשטן בוך נישט אַריינגענומען. דאָס איז אַ מוסטער פון „באַשיידנקייט":

— „איך, דער מחבּר פון בוך, משה ווייסמאַן, גיב אַ האַרציקן דאַנק מיין ליבן פריינד דעם לאַנדסמאַן, שרייבער (איך מייד אויס די אַנדערע טיטלען מיט וועלכע ער באַטיטלט זיך און זיין וווּיל־באַקאַנטן נאָמען. איך שאַנעווע אים, זאָל ער אַליין זיך דערקענען), וועלכער האָט מיר געהאָלפן אויספאַריכטן דעם מאַנוסקריפּט. אַלס אַ לאַנדסמאַן און זייענדיק אין מיינע יאָרן, האָט ער אויך אַדורכגעלעבט די אַלע יוגנטלעכע עטאַפּן פון דער שטאָט, ווי איך אַליין. דערפאַר

האָט ער שאַרף דערפילט, מיט זיין געזונטן חוש, צוצוגעבן אַ וואָרט דאָ — אַ וואָרט דאָרט, וואָס האָט באַרייכערט מיין שילדערונג און איבערלעבונג מיט קלאָרער און אַטמאָספערע און אָפט מיט אַ שאַרפן אמת. דערפאַר דאַנק איך אים.

פון מיר, דער מחבר פון בוך „פון בריסק ביז סעמיאַטיטש"...

דאָס דאָזיקע בריוול האָב איך „געדאַרפט" אַריינשטעלן אין יענעם בוך. אָבער אַזויווי איך האָב דעם „פאַרריכטן" מאַנוסקריפּט נישט באַנוצט, בין איך געווען פּטור דאָס צו טאָן.

אגב, האָט זיך מיין לאַנדסמאַן אַרויסגעגעבן דערמיט, אַז ער אַליין איז דאָס דער כלומרשטער קאָרעקטאָר „רובין".

געכאַפּט דעם אָפּשניט פון אַ „חבר לאַנדסמאַן" — האָב איך מער נישט געוואָלט האָבן צו טאָן מיט קיין אַנדערע „קאָרעקטאָרס". איך האָב זיך דורכגערעדט מיט מיין נאָענטן פריינד ש. מיללער (וואָס איז שוין איצט עליו השלום) און ער האָט צו מיר אַזוי געזאָגט: „איך וואָלט אייך געראָטן, אַז איר זאָלט די נייע קאָפּיע פון אייער מאַנו־סקריפּט לאָזן ליגן אויף אַ ווײלע אין טישקעסטל. דערנאָך זאָלט איר אים אַליין נאָכאַמאָל איבערלייענען. איך טו אויך אַזוי. און גאַנץ אָפט מעק איך אַזויפיל, אַז איך קאָן קוים דורכקומען מיט מיין אייגן כתב. צי איך מאַך בעסער, צי נישט — איין זאַך ווייס איך, אַז אַן אַנדערן וואָלט איך נישט דערלויבט אַזאַ מעקעניש אין מיינעם אַ מאַנוסקריפּט. אָבער איך אַליין מעג. דערפאַר ראַט איך אייך, זייט אייער אייגענער רעדאַקטאָר!"

איך האָב אַזוי געטאָן. ווען דאָס בוך איז אַרויס פון דרוק, האָב איך נישט געהאַט קיין סך אָפּנעמער, ווייל איך בין נישט קיין „פאַר־קויפער" — די מערסטע ביכער האָב איך צעשיקט אומזיסט. טייל האָבן מיר אַפילו קיין דאַנק נישט געשיקט.

איינער פון די ערשטע צו וועמען איך האָב מיין בוך אַוועקגע־שיקט איז געווען ש. ניגער. און ער האָט מיר באַלד צוגעשיקט אַ בריוועלע אַלס ענטפער אויף מיינס אַ בריוול צו אים. איך האָב אים

דערציילט פון מיין דערפאַרונג מיטן רעדאַגירן. אָט איז זיין בריוול צו מיר:

ברוקלין, דעם 1־טן סעפּטעמבער 1952.

„ליבער פריינד ווייסמאַן! די פּרטים פון אייער בריוו זענען באמת טרויעריק. און איך בין צופרידן וואָס איר האָט אין אייער בריוו צו מיר נישט דערמאָנט דעם העלד פון דער געשיכטע, ביי זיין נאָמען. בעסער נישט צו וויסן ווער ער איז. איך גראַטוליר אייך, ווייסמאַן, וואָס איר האָט ענדלעך ארויסגעגעבן דאָס בוך, נאָך אַזויפיל צער, ביז איר האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אַלע העלפערס.

מיט בעסטע גרוסן

אייער ש. ניגער

נ. ב. אייער בוך וועל איך אינגיכן לייענען.״

איך האָב געשיקט מיין בוך צו מינקאָוון, האָט ער מיר געשריבן, אַז אינגיכן וועט זיין אַ רעצענזיע אין דער „צוקונפט״ וועגן מיין בוך. ער ווייסט שוין ווער עס וועט די רעצענזיע שרייבן.

אין מאַי־נומער „צוקונפט״ איז געווען געדרוקט די רעצענזיע פון גריגאָרי אַראָנסאָן:

„משה ווייסמאַנס בוך „פון בריסק ביז סעמיאַטיטש״, אויטאָביאָ־גראַפישע פאַרצייכענונגען, נעמען אַרום די יאָרן 1890 ביז 1913. די איינפאַכקייט, וואָס דרינגט דורך די זכרונות פון אַמאָליקן שטעטל, פון פאַרגעסענע צייטן, רירט דעם לייענער.

געשריבן זענען די זכרונות מיט אַן עכט געפיל, דירעקט און גוטמוטיק. פאַר אייך גייען אויף מענטשן, טיפּן פון יענער צייט, פּייסאַזשן פון יידישע שטעט און שטעטלעך; בילדער פון גאַס און שול, וואַרשטאַט און שטוב.

ביים סוף פון בוך געפינען מיר בריוו, וואָס רופן אַרויס טרויער און דערמאָנען אונדז אונדזער חורבן און אונדזער גרויסע טראַגעדיע אינעם קליינעם שטעטל. נאָך צום סוף פאַרענדיקט ער מיטן צווייטן טייל, אין וועלכן ער דערציילט פון די איבערלעבונגען אין שטעטל

סעמיאַטיטש. דאָס איז נאָך אינטערעסאַנטער, ווייל דער מחבר טרעט שוין דאָ אויף אַ דערוואַקסענער, אַ טוער אין „בונד״. די אינטערע־סאַנטסטע קאַפּיטלען דאָ באַציען זיך צו קולטור־אַרבעט אין סעמיאַ־טיטש. זייער געלונגען איז די באַשרייבונג וועגן אַ לעקציע פון ה. ד. נאָמבערג.״

שפּעטער זענען דערשינען נאָך רעצענזיעס; צוו. אַנד. — פון ד. ניימאַרק אין „פאָרווערטס״ און פון אַהרון חיט אין „ביאַליסטאָקער שטימע״.

עד־כאן וועגן מיין בוך „פון בריסק ביז סעמיאַטיטש״.

קאַפּיטל פופצן

## וואָס הייבט זיך אָן אינעם יאָר 1955...

אין יאָר ניינצן פינף און פופציק איז אין מיין לעבן געשען דאָס נישט דערוואַרטעטע. אין דעם יאָר האָב איך אַרויסגעלאָזט פון מיין האַנט דאָס שערל און עס פאַרביטן אויף דער פען. אַלע מיינע יאָרן פון אַרבעט האָב איך מורא געהאַט, אַז איך וועל נישט קאָנען אַוועק־לייגן דאָס שערל ביז די לעצטע טעג פון מיין לעבן. איך האָב זיך באַזעצט אין דעם אָרט, וואָס איך האָב באַשטימט אינעם יאָר 1922, ווען מיין חבר בען האָט מיך אַריינגעפירט אינעם קליינעם שטעטל — אַנטאָריאָ. שוין דאַן האָב איך געהאַט דאָס פּאַרגעפיל, אַז דאָ וועט אַמאָל ווערן מיין היים. און ס'איז מקוים געוואָרן, וואָס מיין ווונטש האָט מיר אונטערגעזאָגט: צו מיינע זיבעציק יאָר בין איך געווען צוגעגרייט, אַז איך זאָל נישט דאַרפן אַרבעטן ביי דער מלאכה.

איך האָב זיך גענומען צופּאַסן צו דעם געפיל פון אַ „לײדיק־גייער". אָבער נישט דאָס איז געווען מיין ציל. איך האָב מיין פרייע צייט פאַרווענדט אויף לייענען און שרייבן. איך האָב באַשלאָסן אַרויס־געבן מיין צווייט בוך מיטן נאָמען „פון נעכטן און היינט".

די דערפאַרונג פון מיין ערשטן בוך האָט מיך אויסגעהיט נישט צו באַגיין יענע נאַרישקייט צום צווייטן מאָל: איך האָב דאָס בוך אַרויסגעגעבן ווידער אויף מיין אייגענער אחריות.

*

אינעם יאָר 1953 האָט מען פאַר יידישע תלמידים אין לאָס־אַנזשעלעס געעפנט אַ „מיטלשול". דאַן האָט מען זיך געווענדט צו מיר אויך, אַז איך זאָל געבן מיין צושטייער פאַר דער נייער אינסטי־טוציע. איך האָב זיך דערפון נישט אָפּגעזאָגט. אָבער אַ צייט שפּעטער האָב איך זיך דערוווסט, אַז די הויפּט־דעה איבער דער אינסטיטוציע,

דאָס מיינט איבער די לימודים, האָבן די „פּראָגרעסיווע", די קאָמוניסטן.

אַז דאָס איז טאַקע אַזוי, האָב איך געפונען אין דעם „מימוגראַ־פירטן זשורנאַל" מיט דעם נאָמען „אַ זאַמלונג אַרבעטן פון די תלמידים פון דער יידישער מיטלשול אין לאָס־אַנזשעלעס". און אין פאָרוואָרט צו דער זאַמלונג ווערט געזאָגט: „די אַלע עסייען זענען אַ רעזולטאַט פון לאַנגע וואָכן געוויסנהאַפטער אַרבעט".

איך האָב איבערגעלייענט די גאַנצע „זאַמלונג", און געבליבן שטאַרק אַנטוישט. עס האָט אין מיין געדאַנק זיך דערוועקט ספקות, צי די „אַרבעטן" זענען געטאָן געוואָרן פון די תלמידים, אָן דער „הילף" פון זייערע לערער... דערפאַר האָב איך אָנגעשריבן אַ בריוו צו דער פאַרוואַלטונג פון דער דאָזיקער מיטלשול און געבעטן אַן ענטפער אויף מיינע פראַגעס. זיי האָבן אָבער נישט געפונען פאַר נויטיק צו געבן מיר דעם ענטפער. איך גיב דאָ דעם אינהאַלט פון מיין בריוו:

„יולי, דעם 13־טן, 1954, אָנטאַריאָ, קאַליפאָרניע.

חשובער פאַרוואַלטער פון דער יידישער מיטלשול.

איך האָב איבערגעלייענט די צוגעשיקטע „זאַמלונג" פון די תלמידים. נאָכן לייענען בין איך געבליבן אומבאַפרידיקט. איך וויל צוגעבן, אַז אייערע תלמידים האָבן דורך זייער לערנען און פאָרשן צו דער זאַמלונג עפּעס צוגעטראָגן. אָבער, ס'איז גאַנץ גרינג צו דערקענען, וויפל פון דער פאָרש־אַרבעט איז געטאָן געוואָרן פון די קינדער, און אויסשליסלעך פון די קינדער. ווייל די „טראַקטאַטן" זענען לאַנגע, און איבערגעשריבענע וואָרט ביי וואָרט, מיט אַלע פאַר־טיקע ציטאַטן, וואָס אַנדערע האָבן עס פאַר זיי צוגעגרייט...

איך פאַרשטיי, אַז דאָס איז אויך אַן אַרבעט. דערפאַר אַליין קומט זיי אַ דאַנק. אָבער, איך פרעג אייך: וואָלט דען נישט זיין פיל וויכ־טיקער פאַר אונדז און פאַר די קינדער, ווען זיי וואָלטן צו דער דאָזיקער אַרבעט צוגעגעבן עפּעס פון זייערע געדאַנקען, ווי לאָמיר זאָגן: געבן זייער אייגענעם פּרוש וועגן דעם, וואָס מ'האָט מיט זיי

געלערנט, און פאַרגלייכן „יענע תקופה״ מיט דער היינטיקער? זיי האָבן דאָך בלויז איבערגעשריבן די געדאַנקען וועלכע אַנדערע האָבן פאַר זיי אַרויסגעזאָגט!

איך מיין, אַז דער „אויסטייטש״ פונעם יידישע לעבן אין דער אַלטער צייט.. איז פאַר אַ יוגנטלעכן אַ ביסל אַ צו טיפער ענין, אַז ער זאָל אַליין זיך האָבן דערגרונטעוועט צו דעם. הלוואי זאָלט איר קאָנען מיר באַווייזן, אַז איך בין אומגערעכט, אַז אַלץ, וואָס אין דער „זאַמלונג״ איז אָנגעשריבן, געהערט צו די תלמידים. איך גלויב אָבער, אַז פאַר די יוגנטלעכע וואָלט אויך געווען גלייכער, ווען זיי קוקן יאָ אַריין אין די בלעטער פון אונדזער אַלטער געשיכטע, כדי עפּעס דערפון אָפּצולערנען און נאָכדעם קאָנען אַליין אָנשרייבן פון זייערע אייגענע לעבנס, פון דער היינטיקער צייט; פון זייערע אייגענע נשמה־קאָנפליקטן, וועלכע פאָדערן פון זיי אַן ענטפער. למשל, די מיספאַר־שטענדעענישן צווישן זיי און טאַטע־מאַמע, און די שפּראַכן־פראַגע — יידיש און ענגליש. צו וואָס טויג אונדז זייער איבערשרייבן פון די טעקסטן וועגן ירמיהו, וועגן משה העס, און וועגן חסידיזם?...

דאַקעגן בין איך גרייט צו געבן זיי אַ דאַנק פאַר דער אַרבעט „וועגן יידישע שרייבער״. נאָר ווידער די זעלביקע געשיכטע: דאָס „פאַריכטן״ פון די לערער איז שטאַרק קענטיק. מען האָט דער יוגנט „צופיל אַרויסגעהאָלפן״. אמת, איר לערער זאָגט אַליין, „אַז איר האָט געדאַרפט אַ ביסל פאַריכטן״. אָבער איך, ווי אַ לייענער, וואָלט זיך צופרידנגעשטעלט ווען די קינדער וואָלטן אַליין זיך דערטראַכט און אַרויסגעזאָגט זייערס אַ מיינונג וועגן דעם אָדער יענעם יידישן שרייבער.

איצט צום וויכטיקסטן טייל אין דער „זאַמלונג״, און דאָס איז די „קאָמפּאָזיציע וועגן יידישער גבורה״, געשריבן פון דער תלמידה מרים ראבין:

נאָכן איבערלייענען איר „אַרבעט״, האָב איך זיך געטראַכט, צו וואָס האָט די יונגע יידישע טאָכטער געדאַרפט פאַרטראָגן זיך (אין געדאַנק) אַזש צו די „עשרה הרוגי מלכות״, כדי זי זאָל קאָנען דערציילן

אונדז פון „אַמאָליקער יידישער גבורה״, ווען אין דער היינטיקער צייט האָט זי געקענט מיט אירע אייגענע אויגן זען, און מיט אירע אויערן הערן וויאַזוי און ווי אומדערשראָקן עס האָט געקעמפט דאָס יידישע פאָלק און אַרויסגעוויזן אַזאַ מוטיקע גבורה אַנטקעגן זיינע באַוואָפנטע מערדער — למשל, די קאַמפן אין וואַרשעווער געטאָ... צי האָט זי אין דער אַלטער געשיכטע געפונען נאָך אַזאַ ביישפיל פון גבורה?

זי דערציילט אונדז פון „העלדישע קאַמפן, וואָס יידן האָבן אַמאָל געפירט אַנטקעגן די כמיעלניצקיס און קעגן די צאַרישע פּאָגראָמ־טשיקעס״... האָט זי גאָרנישט געהערט פון די היינטיקע כמיעלניצקיס, היינטיקע פּאָגראָמטשיקעס? פאַרוואָס דערציילט איר זיי נישט וועגן דער דאָליע פון יידן און יידישער קולטור בעתן סטאַלין־רעזשים און דער כרושטשאָוו־תקופה?. איז דאָס שווייגן פון די דאָרטיקע יידן נישט קיין גבורה?

די שרייבערין זאָגט: „אין די צייטן פון רוסישן צאַר האָבן די יידן געקעמפט פאַר זייער מענטשלעכער רעכט, און זיי האָבן גע־וווּנען״ טאָ פאַרוואָס ווייסט זי נישט, אַז אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד געניסן די יידן גאָר ווייניק פון פּטור ווערן דעם צאַריזם? אָבער נישט די תלמידה־שרייבערין איז די שולדיקע פאַר נישט וויסן דערפון. שולדיק זענען אירע לערער פון דער מיטלשול, וועלכע האָבן זי נישט צוגעגרייט זי זאָל וועגן דעם וויסן.

די יונגע שרייבערין, מרים, זאָגט אין איר עסיי, אַז „זי איז שטאָלץ מיט דעם קליינעם לאַנד יהודה, וואָס האָט העלדיש געקעמפט קעגן די רוימער״. פאַרוואָס ווייסט זי נישט צו באַוווּנדערן היינטיקע יידן, וועלכע קעמפן און פאַרטיידיקן זיך קעגן די אַראַבישע אָנפאַלער אין ישראל? דאָס קומט דאָך פאַר היינט... אָט דאָ פאַר איר אייגענער לעבנסצייט... אָבער אויך דאָס האָבן איר די לערער נישט דערציילט. און דערפאַר האָט זי וועגן דעם אין דער „זאַמלונג״ גאָרנישט געשריבן...

יאָ, הערן פאַראַנטוואָרטלעכע פון דער מיטלשול, אפשר וועט איר מיר אויף דעם ענטפערן?״

ניין, זיי האָבן מיר קיין ענטפער נישט געגעבן...

אין דאָזיקן קאַפּיטל וועל איך שליסן מיינע מעמואַרן. אַז איך וועל ווייטער זיי לאָזן פריי, וועלן זיי, ווי דאָס וואַסער אונטערן ראָד פון מיין זיידנס מיל, כסדר פליסן.

איך האָב מיינע זכרונות אָנגעהויבן פונעם יאָר 1913, און זיך אָפּגעשטעלט ביי דעם יאָר 1955. איך בין דורכגעגאַנגען אין מיינע זכרונות אַ ווייטן מהלך. נאָכאַמאָל איבערגעלעבט מיינע פאַרגאַנגענע גוטע און שלעכטע יאָרן — די יאָרן, ווען איך האָב ווי יעדער ייד געליטן סיי פונעם אייגענעם, ביטערן לעבן, און סיי פון די שרעק־לעכע פאָלקס־איבערלעבונגען. פון מיינע יוגנטלעכע שטרעבונגען זענען דערפילט געוואָרן נישט אַלע... נאָר איך קען זיך איצט נישט באַקלאָגן דערויף. ווייל טאָן מער וויפל מיינע גייסטיקע פעיקייטן האָבן געקענט פאַרנעמען, האָב איך נישט געקאָנט.

אין דאָזיקן בוך האָב איך אַריינגעשריבן טיילן פון מיינע „שלעכ־טע", און „גוטע" טאַטן, וועלכע אַ לעבעדיקער מענטש איז געווען מסוגל צו באַגיין אין משך פון פופציק יאָר לעבן אין פרייען אַמעריקע.

עס דוכט זיך מיר איצט, אַז איך האָב אַרויסגעגעבן אויף זיך אַליין אַ געשריבענעם פסק־דין. מעגלעך, אַז עס וועלן זיך געפינען אין דעם בוך ווידערשפּרוכן, עס קען זיין. אָבער איך וועל זיך דאָ באַנוצן מיט די חכמהדיקע ווערטער, וועלכע עס האָט אַמאָל געזאָגט „רבא צו רב פּפּאָ" — ער האָט געזאָגט: „ווען איינער וועט קומען צו אייך מיט מיינעם אַ געשריבענעם פסק־דין, און איר וועט אין דעם זען עפּעס אַ ווידערשפּרוך, זאָלט איר עס נישט צערייסן ביז איר וועט קומען צו מיר און מיך וועגן דעם פרעגן. אויב איך וועל עס קענען דערקלערן, וועל איך דאָס טאָן. אויב נישט, וועל איך צוריקנעמען מיין פסק־דין. קיין ביישפּיל זאָלט איר פון דעם נישט לערנען"...

נו, איך דערוואַרט נישט מ'זאָל קומען מיך פרעגן. און דאָס וואָס איך האָב אָנגעשריבן וועט שוין פאַרבלייבן.

*

איך פאַרצייכן דאָ איינעם אַזאַ האַרבסטיקן פרימאָרגן

— אין שטוב (וועלכע איז מיין אייגענע) איז וואַרעם. דער דרויסן איז קיל, די זון איז נאָך באַהאַלטן אונטער אַ חושכדקן וואָלקן... איך זיץ ביים שרייבטיש, נעבן פענצטער און איך קוק אַרויס צום בוים, וועלכן איך האָב יונגערהייט פאַרפלאַנצט; איך זע אויף זיינע, שוין נאַקעטע צווייגן, טוליען זיך איינע צו די אַנדערע, צוויי עלנטע קליינע פייגעלעך. פלוצלונג האָט אַ שניידנדיקער בליץ צעשניטן דעם הימל... איבערן גאַנצן שטח האָט זיך צעקאָלערט אַ שטאַרקער דונער.

אין מיין שכנס הינער־שטייג איז געוואָרן אַ מהומה — אויף איר בלעכענעם דאַך האָט זיך צעפּייקלט אַ גאָס־רעגן. די לאַנגע רעגן־בייטשן שמייסן מיינע שויבן־פענצטער...

אין אַנדערן צימער, וווּ עס שטייט אונדזער ברייטבייכיקע פּיאַנאָ, זיצט מיין פרוי הינדע. זי כישופט אַרויס מיט אירע פינגער אויף די קלאַווישן טענער פון בעטהאָווענס לבנה־סאָנאַטע...

## אין פאַרלאַג י. ל. פרץ-ביבליאָטעק זענען ביז היינט דערשינען פאָלגנדיקע ביכער:

| | |
|---|---|
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (באַנד 1) |
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (באַנד 2) |
| מענדל מאַן | נאַכט איבער גלושינאַ |
| אברהם סוצקעווער | אין מדבר סיני |
| ישראל טאַבאַקמאַן | מיינע איבערלעבונגען |
| ש. בערלינסקי | בילדער און דערציילונגען |
| י. פאַפּיערניקאָוו | היימישע און נאָענטע |
| מענדל מאַן | ביי דער ווייסל |
| ק. צעטניק | דאָס הויז פון די ליאַלקעס |
| יוסף בירשטיין | אויף שמאָלע טראָטואַרן (ראָמאַן פון קבוץ-לעבן) |
| יוסף ראָזען | געקליבענע שריפטן (העברעיש) |
| מלך נוי (ניישטאַט) | דאָס ערשטע און צענטע יאָר מדינת ישראל |
| מאַטעס דייטש | צום נאָענטסטן שטערן — יידיש |
| אפרים שרייער | קונסט און טעאַטער (העברעיש) |
| יצחק לעוו | אין גערצאַנגל (געקליבענע שריפטן) |
| מרדכי יפה | צען ישראל-דיכטער |
| יצחק פאַנער | שלום אַש אין זיין לעצטער היים |
| פרץ גראַנאַטשטיין | מענטשן פון נעכטן |
| יחיאל האָפּער | אַ הויף אויף פּאָקאָרנע (באַנד 1) |
| יחיאל האָפּער | אַ הויף אויף פּאָקאָרנע (באַנד 2) |
| ה. לייוויק | אויף צאַרישער קאַטאָרגע |
| נחמן דרוזדוב | אחד העם |
| עזרא קאָרמאַן | צייכנס און צירופים |
| י. לעשצינסקי | דאָס פּנים פון גלות-יידנטום (העברעיש) |
| יעקב פאַט | שמועסן מיט יידישע שרייבער (העברעיש) |
| רבקה באסמאַן | טויבן ביים ברונעם (לידער) |
| י. צ. שאַרגעל | פון ווייַ און גלויבן |
| דוד זאַקאַליק | גערצאַנגל |
| א. קאַרפּינאָוויטש | דער וועג קיין סדום |
| א. ריוועס | מיט דער שיף „טשיטשערין" |
| יוסף כרמל | אַ רייזע צו פאַרשטויסענע ברידער |

| | |
|---|---|
| מ. בערלאַנד | 300 שעות בגיטו הדועך |
| מרדכי אורן | דער פּראָגער אַרעסטאַנט דערציילט (באַנד 1) |
| מרדכי אורן | דער פּראָגער אַרעסטאַנט דערציילט (באַנד 2) |
| יהושע גלבוע | אויף די חורבות פון דער יידישער קולטור אין ראַטנפאַרבאַנד (העברעיש) |
| יחיאל האָפּער | ר׳ זלמן |
| הערש מענדל | זכרונות פון אַ יידישן רעוואָלוציאָנער |
| נ. ניר־ראַפּאַלקעס | ערשטע יאָרן |
| י. זינגער | דראַמאַטישע שריפטן |
| דוד פלאַקסער | אידעישע שלימותן און האַלבע אמתן |
| ש. וואָרזאַגער | ברויט (ראָמאַן) |
| בעריש וויינשטיין | אין דוד המלכס גיטער (פּאָעמע) |
| לוי פּאַפּיערניקאָוו | אין דער נייער היים |
| אברהם ליס | היים און דויער |
| ד״ר חיים שאָשקעס | מיט יידן צווישן אינדיאַנער, נעגער און אַראַבער |
| י. זרבבל | עלי חיים (באנד 1) |

## דערשינענע ביכער פון מחבר

1. פון בריסק ביז סעמיאַטיטש
2. פון נעכטן און היינט